דר. מארקס נארדוי.

# דער
# ליגען
## פֿון דער
# חתונה.

אַרויסגעגעבען פֿון דער גרופּע „פֿרייהייט".

לאנדאן, יולי, 1901.



דער מענש האָט צוויי מעכטיגע גרונד־אינסטינקטען, וועלכע בעהערשען זיין גאַנצעס לעבען און בעשטימען אַלע זיינע האַנדלונגען.— דער אינסטינקט פון דער זעלבסט־ערהאַל־טונג און געשלעכטס אינסטינקט. דער אויסדרוק פון דעם ערשטען טריעב איז דער הונגער, דאָס בעדירפניס צו עסען, דער צווייטער אינסטינקט מאַניפעסטירט זיך אַלס ליבע.

די קרעפטען, וועלכע ווירקען ביי דעם אַקט ערנעהרונג און דער געשלעכטליכער פאָרטפפלאַנצונג זיינען אונז נאָך דונקעל און אונבעקאַנט, אָבער זייער אויסערליכע טהעטיגקייט זעהען מיר קלאָר און דייטליך. מיר ווייסען ניט, וואַרום אַן אינדיווידואום מאַכט זיין ענטוויקלונג גראַדע אין אַ בעשטימטער צייט; מיר ווייסען אויך ניט וואַרום דאָס שטאַרקע פערד קען נאָר אַלט ווערען 30 ביז 35 יאָהר, ווערענד דער מענש, וועלכער איז פיל קלענער און שוואַכער, קען ערבייכען 70 יאָהר. מיר ווייסען ניט וואַרום די וואָראָנאַ לעבט איבער 200 יאָהר

און די גרעסערע גאַנז נאָר 20 יאָהר. וואָס מיר ווייסען אָבער, איז דאָס, אַז יעדעס לעבענדיגע וועזען האָט זיין בעשטימטע לעבענס־דויער, וועלכע איז געשטעלט ווי דער מעכאַניזמוס פון אַ זייגער. דיזע לעבענס־דויער קען דורך פערשידענע אויסערליכע איינפליסע פערקירצט ווערען, אָבער מען קען איהר קיינמאָל ניט פערלענגערען. מיר דענקען אויך, אַז די עקזיסטענץ פון די מינים איז נאָר בעשריינקט אויף אַ געוויסען לעבענס עלטער און אַז זיי — פונקט ווי די אינדיווידוען — ענשטעהען אין אַ געוויסען אויגענבליק, אַז זיי ערדרייכען דעם העכסטען גראַד פון זייער ענטוויקלונג און דאַן שטאַרבען זיי אָב. די לעבענס־דויער פון אַ מין איז צו גרויס, צו אויסגעברייטעט, אַז דער מענש זאָל איהר קענען בעאָבאַכטען פערזענליך. אָבער די וויסענשאַפטליכע פאָרשונגען געבען אונז גענוג ערקלערונגען, וועלכע געבען אונז די וואַרשיינליכקייט, אַז די לעבענס־ענט־וויקלונג פון די מינים איז די זעלבע ווי פון די אינדיווידוע׳ אַזוי לאַנג, אַן אינדיווידואום האָט ניט פערברויכט די לעבענס קראַפט, וועלכע עס האָט ערהאַלטען ביי זיין בעשאַפונגן זאָלאַנג שטרעבט עס מיט אַלע קרעפטען זיך צו ערהאַלטען און צו פערטהיידיגען געגען זיינע פיינד. אין דעם אויגענבליק ווען אַ וועזען האָט פערלאָרען זיין לעבענס־קראַפט, פיהלט עס ניט מעהר קיין בעדירפניס זיך צו ערנעהרען און צו פערטהיידיגען און עס שטאַרבט. ביי די מינים מאַניפעסטירט זיך די לעבענס־קראַפט אַלס פאָרטפּפלאַנצונגס־אינסטינקט. אַזוי לאַנג די לעבענס־קראַפט פון דעם מין איז שטאַרק און מעכטיג, זאָלאַנג שטרעבט יעדעס נאָרמאַלע אינדיווידואום מיט אַלע זיינע קרעפטען צו דער געשלעכטליכער פערבינדונג. ווען די לעבענס קראַפט פון דעם מין שוואַכט זיך אָב, דאַן פערשווינדעט אויך ביי די אינדיווידוען דער אינסטינקט צור פאָרטפּפלאַנצונג. דאָס פעררהעלטנים צווישען ענגאַמיזמוס און

אַלטרואיזמוס ביי אַ געוויסען מין אָדער ראַסע איז דאָס זיכערסטע מאָס פאַר זיין לעבענס קראַפט.

ווען עס געפינען זיך אַ גרעסערע צאָהל פון אינדיווידועןן, וועלכע דערשטיקען דורך זייערע פּערזענליכע אינטערעסען אַלע פליכטען פון דער סאָלידאַריטעט, דאַן איז דאָס אַ זיכערער בעווייז פאַר די שוואַכע לעבענס־פעהיגקייט פון דער בעטרעפענדע ראַסע אָדער נאַציאָן. אָבער ווען עס געפינען זיך אינערהאַלב פון אַ נאַציאָן אָדער ראַסע פילע אינדיווידועןן, וועלכע פערקערפערען אין זיך דעם אינסטינקט דער סאָלידאַריטעט און די געפיהלען פון דער אַלגעמיינהייט, דאַן איז דאָס אַ צייכען, אַז דיזע נאַציאָן אָדער ראַסע בעזיצט אין זיך אַ שטאַרקע לעבענס־קראַפט.

ווען אַ ראַסע אָדער נאַציאָן געהט ענטגעגען דעם אונטערגאַנג, דאַן פערלירען די אינדיווידועןן די פעהיגקייט געזונד און נאַטירליך צו ליבען. די פאָרמען, וועלכע עקסיסטירען אין די בעציהונגען פון דיביידע געשלעכטער ביי אַ געוויסען פאָלק, בילדען דעם מאַסשטאַב פון זיין לעבענס קראַפט. פון דיזען שטאַנדפונקט אויס בעטראַכטעט, זיינען די בעאָבאַכטונגען, וועלכע מיר קענען מאַכען ביי די אייראָפּעאישע פעלקער זעהר טרויריגע. די קאָררופציאָן פון די עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און פּאָליטישע איינריכטונגען, האָט אויך פערגיפטעט דאָס געשלעכטליכע לעבען פון דיזע פעלקער. זי האָט פערדאָרבען די נאַטירליכסטע אינסטינקטען און צוליב דעם עקעלהאַפטען היפּאָקריטיזמוס, וועלכער בעהערשט אונזער גאַנצעס לעבען, אָפּפערט מען די צוקונפט פון די קומענדע גענעראַציאָנען.

צו אַלע צייטען האָט די מענשהייט בעגריפען — צוערשט אינסטינקטיוו און שפּעטער מיט קלאָרען בעוואוסטזיין — אַז זייער עקזיסטענץ און פאָרטפּפלאַנצונג איז די וויכטיגסטע ערשיינונג פון זייער לעבען. אַלע אונזערע געפיהלען און

האַנדלונגען, וועלכע שטעהען אין אירגענד וועלכע בעציהונגען צו דיזען פאָרנעהמסטען אינטערעסע, האָבען אימער איינגענומען דעם גרעסטען פלאַץ אין אונזערע געדאַנקען.

די ליבע בילדעט פאַסט אין גאַנצען דעם אינהאַלט פון דער שעהנער ליטעראַטור פון אַלע פעלקער און צייטען, דען זי האָט געהאַט דאָס גרעסטע אינטערעסע פאַר דעם לעזער.

דאָס נאַטירליכע רעזולטאַט פון דער ליבע איז די געשלעכט-ליכע פערבינדונג צווישען מאַן און פרוי; און עס גיט ניט קיינע אַנדערע האַנדלונג, וועלכע האָט פעראורזאַכט אַזעלכע צערמאָ-ניען, פאָרברייטונגען און אומשטענדליכקייטען, מיט וועלכע די מעהרסטע פעלקער בעגלייטען דיזע פעראייניגונג זיי זאָלען אין מענשען ערוועקען דאס בעוואוסטזיין, אַז דיזע פעראייניגונג האָט ניט אַליין אַ פריוואַט כאַראַקטער, דען איהרע קאָנזע-קווענצען בעריהרען די אינטערעסען פון דער גאַנצער ראַסע.

וואָס האָט אָבער אונזער קאָרומפירטע ציוויליזאַציאָן געמאַכט פון דער פערבינדונג צווישען מאַן און פרוי? זי האָט ערנידריגט דיזע פעראייניגונג צו אַ געוועהנליכען געשעפט, וועלכעס גיט דער ליבע פונקט אַזוי וועניג פלאַץ, ווי דער קאָנטראַקט צווישען צוויי קאַפּיטאַליסטען, וועלכע האָבען זיך פעראייניגט צו אַ געמיינשאַפטליכער אונטערנעמונג.

עס איז וואַהר! מען ערקלערט אויך נאָך היינט, אַז די הייראַט האָט דעם צוועק פאָרט צו פפלאַנצען די ראַסע; אָבער דיזע ערקלערונג איז ניט מעהר ווי אַ לעכערליכער ליגען, דען אין דער ווירקליכקייט האַנדעלט עס זיך ניט אום די געגענזייטיגע אַנציהונג פון צוויי פערשידענע געשלעכטס-וועזען, זאָנדערען אום געוועהנליכע מאַטעריעלע אינטערעסען.

די מאָדערנע הייראַט ענטהאַלט ניט קיין שפור פון אינערליכע צונייגונג, זי איז ניט דער אויסדרוק פון אַלטרואיס-טישע געפיהלען, זי איז דער אויסדרוק פון דעם געוועהנליכסטען

עגאָאיזמוס.

מע הייראַטעט, אום צו פֿערבעסערען זיינע פֿערמעגענס־פֿערהעלטניסע, אום זיך צו שאַפֿען אַן עקזיסטענץ, אום צו בעפֿרידיגען זיין אייטעלקייט אָדער אום צו געניסען געוויסע פֿרייהייטען און פּריווילעגיען, וועלכע די געזעלשאַפֿט ערלויבט ניט צו אונפֿערהייראַטעטע פֿ־ויען. מע דענקט וועגען אַלעם ביי דער חתונה, וועגען דעם סאַלאָן און די קיכע, וועגען די בעלער און פּראָמענאַדען, אָבער די הויפּטזאַכע פֿערגעסט מען געוועהנליך, דאָס שלאָפֿצימער, אין וועלכען עס ווערט בעשאַפֿען די צוקונפֿט פֿון אַ גאַנצען פֿאָלק, די קומענדע גענעראַציאָן. דיזעס הייליגטהום שפּילט ביי דער חתונה זעהר אַן אונבעדייטענדע ראָלע. מוז ניט דער אונטערגאַנג זיין דאָס אונפֿערמיידליכע שיקזאַל פֿון די פֿעלקער, וועלכע ענטוויקלען זיך אונטער אַזעלכע בעדינגונגען ?

עס גיט נאָר צוויי אַרטען פֿון בעציהונגען צווישען מאַן און פֿרוי: די איינע גרינדעט זיך אויף די געגענזייטיגע אַנציהונג, דאַרום איז זי בערעכטיגט און מאָראַליש. די אַנדערע זוכט נאָר אין דער פֿערבינדונג די בעפֿרידיגונג פֿון זעלבסטזיכטיגע אינטערעסען און איז דאַרום ניט אַנדערש ווי אַ פּראָסטיטוציאָן אין בעוואוסטע אָדער אונבעוואוסטע פֿאָרמען.

די פּראָסטיטוטקע, וועלכע געהט אַם אַבענד אין די גאַסען און פֿערקויפֿט איהר קערפּער פֿאַר איינינע זילבער שטיקע, און דער קאָמעדיאַנט, וועלכער שמייכעלט זיך אונטער ביי אַן אַלטער משוגענער, וועלכע בעצאָהלט איהם דערפֿאַר, זיי ביידע בעלאַנגען צו דער אָבטהיילונג דער פּראָסטיטוציאָן און יעדער איינער מוז דאָס עפֿענטליך צו געבען.

אָבער ווער קען מיר צייגען דעם אונטערשיד צווישען דעם מאַן, וועלכער לאָזט זיך ערנעהרען פֿון אַ געוועהליכער פּראָסטיטוטקע, און דעם מאַן, וועלכער שמייכעלט זיך אונטער

ביי דער טאָכטער פֿון אַ רייכען און איינפֿלוספֿאָלען מאַן, ניט ווייל ער ליבט איהר, נאָר ווייל ער האָט ניט קיין אַנדער מיטעל צו ערלאַנגען רייכטהום און מאַכט.

ווער קען מיר צייגען דעם אונטערשיד צווישען דער געוועהנליכער פּראָסטיטוטקע, וועלכע פֿערקויפֿט זיך צו אַן אונבעקאַנטען, צוליב איינינע געלד שטיקע און דער אַנשטענדיגער כלה, וועלכע פֿעראייניגט זיך מיט אַ מענשען, וועלכען זי ליבט ניט, נאָר דערפֿאַר, ווייל ער גיט איהר רייכטהום, אַ פֿאָרנעהמע שטעלונג אין דער געזעלשאַפֿט, געלד און שמוקזאַכען אָדער אפֿשר נאָר דאָס טעגליכע ברויט?

די אורזאַכען זיינען איןביידע פֿעלע די זעלבע, די האַנדלונג איז די זעלבע און ווער עס ליבט וואַרהייט און גערעכטיקייט, דער מאַכט אויך ניט קיין אונטערשיד אין די נעמען.

די מוטער, וועלכע זוכט אַ „פּאַסענדען" מאַן פֿאַר איהר טאָכטער, די מוטער וועלכע ווענדעט אָן אַלע מיטלען צו בעזייטיגען די נאַטירליכע גלייכגילטיקייט פֿון דעם יונגען מעדכען צו אַ מענשען, וועלכען זי ליבט ניט, דיזע מוטער איז ניט מעהר, ווי אַ געוויעהנליכע פּראַצענטניטשקע, פּונקט אַזוי ווי דאָס עקעלהאַפֿטע ווייב, וועלכעס מאַכט אַ לעבען דורך די פֿערפֿיהרונג פֿון אונשולדיגע מעדכען. דער אונטערשיד איז נאָר דער, אַז די ערשטע גילט אין דער גאַנצער וועלט אַלס אַ בכבוד'יגע און ערענטליכע פֿרוי, וועהרענד די אַנדערע ווערט פֿערפֿאָלגט דורך די געזעצע.

דער עלעגאַנטער שאַרלאַטאַן, וועלכער בעזוכט די פֿיינסטע בעלער און קאָנצערטען, אום צו געפֿינען אַ „גוטע פּאַרטיע," דער שאַרלאַטאַן, וועלכער ערקלערט דער טאָכטער פֿון דעם מיליאָנער זיינע „אויפֿריכטיגסטע" ליבע און טרייקייט, דענקענדיג דאַביי, אַז ער וועט בעצאָהלען מיט איהר געלד

געלד זיינע מלוים און מעטרעסען, דיזער שאַרלאַטאַן איז פּונקט דער זעלבער פֿערדאָרבענער לומפּ, ווי יענעם עקעלהאַפֿטע אינדיווידואום, וועלכעס לעבט פֿון דער שאַנדע דער פּראָסטיטוטקע, און וועלכע זאָגאַר אַ פּאָליציסט וויל ניט אָנגרייפֿען מיט די נאַקעטע פינגער.

דאָס מעדכען, וועלכעס פֿערקויפֿט איהר קערפּער, אפשר אום צו ערנעהרען אַן אַלטע מוטער אָדער אַ קליין קינד, דיזעס מעדכען שטעהט מאָראַליש פֿיל העכער, ווי די „אונשולדיגע" יונג־פרוי, וועלכע לעגט זיך אין בעט מיט אַ רייכען געלד־זאַק, אום צו בעפֿרידיגען איהר בעדירפֿנים נאָך קאָנצערטען, בעלער און באַדע־רייזען. אַ מאַן, וועלכער בעצאָהלט אַ געוועהנליכע פּראָסטיטוטקע, פֿאַר דעם גענוס, וועלכע זי ביטעט איהם, איז יעדעם פֿאַל פֿיעל לאָגישער און פֿערנינפֿטיגער, ווי דער יעניגער, וועלכער קויפֿט זיך אַ לעבענסלענגליכע ביישלעפֿערין [פלגש] דורך אַ הייראַטהס קאָנטראַקט. ביידע זיינען ניט מעהר, ווי פּראָסטיטוטקעס, די געזעצליכע ביישלעפֿערין און די געוועהנליכע, דען זיי פֿערפֿאָלגען ביידע דאָס זעלבע ציעל, די מאַטעריעלע אינטערעסען.

עס עקזיסטירט נאָר איין אונטערשיד צווישען די ביידע פֿעאיניגונגען. דער מאַן, וועלכער זוכט זיין פֿערגניגען ביי געוועהנליכע פּראָסטיטוטקעס, האָט ניט צו טראָגען קיינע קאָנזעקווענצען, וועהרענד דער בעזיצער פֿון דער לעגיטימער ביישלעפֿערין איז פֿערפּליכטעט זיין גאַנצעס לעבען. יעדע פֿערבינדונג צווישען מאַן און פֿרוי, וועלכע עס ווערט געשלאָסען צוליב דער מאַטעריעלער פֿערזאָרגונג איז ניט מעהר, ווי אַ געוועהנליכע פּראָסטיטוציאָן, און דער כאַראַקטער פֿון דיזער פּראָסטיטוציאָן בלייבט גאַנץ דער זעלבער, אויב אַ פּריסטער אָדער אַ בעאַמטער זאָל מיטווירקען ביי דער פֿערבינדונג אַדער נאָר אַ פּראָסטע פֿאַקטאָרקע.

דאָס איז אָבער דער כאַראַקטער פֿון די מעהרסטע הייראַטען, און יוען עס געפֿינט זיך אַמאָל אַן אויסנאַהמע, דאַן איז עס אַזאַ זעלטענהייט, אַז די אַלגעמיינהייט לאַכט און מאַכט זיך לוסטיג איבער דעם דומען און אונפּראַקטישען אידעאַליזמוס פֿון די בעטרעפֿענדע צוויי מענשען.

מעדכען, וועלכע בעזיצען ניט קיין פֿערמעגען, ווערען פֿון זייערע קלוגע עלטערען זאָצוואָגען פֿערמליך דרעסירט, צו דערשטיקען יעדעס נאַטירליכע געפֿיהל אין זייערע הערצער און זייערע ליבענסווירדיגקייט, זייער „זיסען שמייכעל" אָבצו־מעסטען נאָך דער סומע, וועלכע אַ יונגער מאַן וועכענטליך פֿערדינט, און ווען דאָס „אונשולדיגע קינד איז ניט גענוג קלוג און קאָקעט זיך אַליין צו כאַפּען אַ לעבענס־לענגליכען פֿערזאָרגער און ערנעהרער, דאַן קומען די קלוגע און „ערפֿאַ־רענע" מומעס און פֿעטערס, די פֿרוי מאַמאַ און דער הערר פּאַפּאַ און אונטערשטיצען די בעמיהונגען פֿון דעם „הייראַטס לוסטיגען" מעדכען דורך גוט געמיינטע און קלוגע ראַטהשלעגע און בעלעהרונגען.

ביי דעם רייכען מעדכען איז די זאַך עטוואָס פֿערשידען. וועהרענד דאָס פּראָלעטאַריער־מעדכען שפּילט די ראָלע אַלס יעגערין, וועלכע זוכט צו כאַפּען אַ פּאַסענדען מאַן, וועהרענד דעם שפּילט די בעזיצערין פון גרויסע רייכטהימער די ראָלע פֿון'ם קרבן, וועלכע לאָזט זיך אַוועק כאַפּען פֿון אירגענד אַ הייראַטס יעגער, וועלכער זוכט אין דער חתונה אַ גוטעס געשעפֿט.

די יאַגד אויף רייכע יורש'טעס איז געוואָרען דער לעבענס בערוף פֿון אַ געווּיסער קלאַס פֿון מענער, וועלכע בעטרייבען זייער געשעפט נאָך אַלע רעגעלען דער קונסט. דאָס טראָגט ווייסע הויזען און זיידענע וועסטען, דאָס האָט פֿיינע קראַוואַטען פֿון אויסגעוועהלטע פֿאַרבען, דאָס זעצט זיך אַ פּענסנע אויף די נאָז און שטינקט מיילענווייט נאָך פּערפֿום און אָ'דע'קאָלאָן

דאַס טאַנצט פֿאָרטרעפֿליך און ווייסט צו דערציילען פֿון ספאָרט און געזעלשאַפֿטס־שפּילען, דאָס קויפֿט בלומען און זיסע באָנ־באָנס און שרייבט ליבעס בריף אין פּאָעזיע און פּראָזאַ.

מיט אַזעלכע מיטלען ווערט די פֿערגאָלדעטע פּופּע געפֿאַנגען, און דאָס דומע בעשעפֿניס, וועלכעס האָט געגלויבט צו שפּילען די ראָלע אַלס אידעאַלע ליבהאַבערין אין אַ טהעאַטער פֿאָרשטעלונג, געפֿינט ערשט שפּעטער אויס אַז זי איז נאָר געווען די הויפּטצאָהל אין אַ רעכענונג־אויפֿגאַבע, וועלכע האָט זיך אָב־געשפּיהלט אין די קאָסען־ביכער פֿון אירגענד אַ געשעפֿטסמאַן.

ביי פֿערבינדונגען, וואו די פֿערמעגענס־פֿערהעלטניסע זיינען אויף ביידע זייטען די זעלבע, איז די ליבע נאָר אַ לעבערליכער בעגריף. דאָרטען ווערט נאָר אָבגעוואָגען, געצעהלט און אָבגעמאָסטען. אָבער די פֿערבינדונג פֿון צוויי פערזאָנען, וועלכע בעזיצען דאָס זעלבע פֿערמעגען, ד. ה. פערזאָנען וועלכע זיינען ענטוועדער גלייך אָרעם אָדער גלייך רייך, דיזע פֿערבינדונג האָט וועניגסטענס נאָך איין פֿאָרטהייל, זי גרינדעט זיך ניט אויף דעם היפּאָקריטיזמוס.

דאָרטען זוכט מען גאָר ניט אָבצולייקענען די מאַטעריעלע גרינדע פֿון דער חתונה און מע האָט זיך שוין לאַנג צוגעוואָהנט די הייראַט צו בעטראַכטען אַלס אַ געשעפֿט, ווי יעדעס אַנדערע. די חתונה פֿעראייניגט אין דיזען פֿאַל ניט צוויי פערזאָנען, זאָנדערען נאָר צוויי פֿערמעגען אָדער צוויי שטעלונגען.

דער מאַן זוכט אַ הויזפֿרוי, וועלכע זאָל איהם קאָכען אַ סופּ און פֿעריכטען זיינע אַלטע העמדער, און זי, די פֿרוי זוכט אַ מאַן וועלכער זאָל איהר ערנעהרען און פֿערזאָרגען אַ זיכערע עקזיסטענץ.

ווען דאָס פֿערמעגען פֿון די ביידע טהיילען איז ניט קיין גלייכעס, דאַן איז נאַטירליך אויסגעשלאָסען יעדע עהרליכקייט און אויפֿריכטיגקייט.

אין דיזען פֿאַל מוז דער ליגען און היפּאָקריטיזמוס ער־זעצען דעם מאנגעל אין רייכטהום. דאָס אָרמע מעדכען, וועלכעס שענקט איהרע נייגונגען צו אַ רייכען געלד־זאַק איז אַ ליגנערין, וועלכע פּראָסטיטואירט איהרע געפֿיהלען און דער עלעגאַנטער שאַרלאַטאַן, וועלכער מאַכט יאגד אויף אַ גאָל־דענע פופע איז אַ געוועהנליכער היפּאָקריט און בעטריגער. אָבער זאָגאַר אין דיזען פֿאַל פֿייערט די נאַטור און וואַהרהייט אַ טריאומף; מע אַנערקענט די זיטליכע און פֿהיזיאָלאָגישע בעדייטונג דער ליבע און בענוצט איהר אַלס אַ מאַסקע פֿאַר דאָס הייראַטס־געשעפֿט.

וואָס איז נון דאָס שיקזאַל פֿון די מענער און פֿרויען, וועלכע האָבען זיך פֿעראייניגט אויף אַזאַ אַן אַרט?

דאָס רעזולטאַט פֿון אַזעלכע פֿערבינדונגען איז די דע־גענעראַציאָן, די פֿיזישע און גייסטיגע קאָרופּציאָן פֿון די קאָ־מענדע גענעראַציאָנען, וועלכע פֿערבינדען זיך עבענפֿאלס נאָר צוליב די מאַטעריעלע אינטערעסען. דיזע טרויעריגע וועזענס זיינען בעשאַפֿען געוואָרען אָהנע ליבע און בעזיצען דאַרום אויך ניט די פֿעהיגקייט צו ליבען. זיי קענען אַלט ווערען אָהנע אויך נאָר צו פֿיהלען פֿאַר אַן אויגענבליק די אינערליכע אַרמ־קייט פֿון זייער לעבען.

דער מאַן פּפֿלעגט זיין מאָגען און שטודירט די וויסענ־שאַפֿט פֿון גוטע וויינען און סיגאַרען, ער מאַכט זיך אַ גוטען נאָמען אין די קרייזען אין וועלכע ער פֿערקעהרט, ער געניסט די אַכטונג פֿון אַלע קלובס און ווען ער שטאַרבט עהרט מען זיין אַנדענקען אויף פֿערשידענע וויזען.

די פֿרוי אויף דער אַנדערע זייט, ערפֿינדעט וואַהנזיניגע מאָדען, זי טרוימט טאָג און נאכט פֿון נייע קליידער, גאָלד זאַכען א. ז. וו. זי אינטריגירט און פֿערלוימדעט אַנדערע פֿרויען און זי איז אימער בערייט צו צושטערען מיט טייפֿלישער

גרויזאַמקייט דאָס גליק און די ליבע פֿון אַנדערע. און ווען זי ענדליך שטאַרבט, לאָזט זי צוריק אַ ברייטע שפּור פֿון פֿער־ניכטונג, אַזוי ווי אַ שרעקליכע קראַנקהייט.

ביידע, מאַן און פֿרוי, פֿיהרען אַ טרויריגעס, ליכטלאָזעס דאַזיין, דען זייער לעבען קען ניט די קלענסטע אידעאַלען. ניט פֿיהלענדיג קיין לוסט און ליידענשאַפֿט, קיין ליבע און הערצ־ליכקייט, האָבען זיי פֿערלאָרען יעדעס פֿערשטענדניס פֿאַר דאָס גרויסע און שעהנע און לעבען נאָר אין שמוץ און קאָרופּציאָן.

דיזע דעגענערירטע אינדיווידוען געפֿינען מיר הויפּטזעכליך אונטער דער בעזיצענדער קלאַסע. זיי בילדען אין דער זעלבער צייט די פֿאָלגען און אורזאַכען פֿון דער געשלעכטליכער קאָרופּציאָן.

דאָרטען הייראַט מען ניט צוליב געוויסע נייגונגען, זאָנדערען איינפֿאַך אום צו ערהאַלטען די געזעלשאַפֿטליכע שטעלונג און דאָס פֿאַרמעגען. און אויף דיזע וויזע ערהאַלטען זיי ווירקליך די שטעלונג אין דער געזעלשאַפֿט און דעם רייכטהום, אָבער די בעזיצער פֿון די ביידע מוזען געהען צו גרונד.

דער זעלבסט ערהאַלטונגס אינסטינקט פֿון די ראַסע מאַני־פֿעסטירט זיך אין אַ קלאָרער און פֿערשטענדליכער וויזע. די אונטערדריקונג דער ליבע, צוליב מאַטעריעלע אינטערעסען פֿיהרט צום אונטערגאַנג פֿון דעם מין און די דעגענעראַציאָן פֿון געוויסע אַריסטאָקראַטישע פֿאַמיליען לאָזט זיך צו־ריק פֿיהרען אויף דיזע אורזאַכע.

אָבער נעבען דער קלאַסע פֿון די דעגענערירטע געפֿינען מיר אויך נאָך שטאַרקע, אונפֿערדאָרבענע אָרגאַניזמען, לעבענס־קרעפֿטיגע און ליבעס פֿעהיגע מענשען, וועלכע זיינען געוואָרען די שקלאַפֿען פֿון דער התונה אויס אונפֿערשטאַנד, גדאַנקען לאָזיגקייט אָדער פֿייגהייט. זיי זיינען צו פֿיג צו פֿיהרען אַליין

דעם קאַמפּף אום דאַזיין, דאָרום האָבען זיי געשלאָסען אַ זאָ־גענאַנטע, פערנונפטס־הייראַטה, וועלכע טראָגט איהר נאָמען, ווייל זי איז געגרינדעט אויף דער גרעסטער אונפערנינפטיג־קייט. („פערנונפטס־הייראַט" רופט נאָרדוי די יעניגע פערבינ־דונג, וועלכע איז געשלאָסען געוואָרען צוליב מאַטעריעלע אינטערעסען. איהר פונדאַמענט איז דער קאָפּ, די בערעכנונג און ניט דאָס הערץ, די צונייגונג.) אַזעלכע מענשען מוזען פיהלען די ראַכע פון דער נאַטור פריהער אָדער שפּעטער, און וואָס שפּעטער זיי וועלען פיהלען דיזע ראַכע פון דער בעליידיגטער נאַטור, דעסטאָ גרעסער וועלען זיין זייערע לייַ־דען. דאָס בעדירפניס צו ליבען איז טיף איינגעוואָרצעלט אין זייערע הערצער און עס קאָסטעט זיי די גרעסטע שמערצען און אַנשטרענגונגען דיזעס בעדירפניס צו אונטערדריקען, וועל־כעס זוכט בעשטענדיג צו פערניכטען די פאָרמען פון דער געזעלשאַפטליכער מאָראַל אין דער עפענטליכער מיינונג.

עס קען טרעפען, אַז אַזאַ אַן אינדיווידואום קומט זיך קיינמאָל ניט צוזאַמען און לעבען מיט אַ פּערזאָן, וועלכע זאָל ערוועקען זיינע נייגונגען און ליבעס בעדירפניסע. אין דיזען פאַל בעהאַלט די „פערנונפטס־הייראַט" איהרע אויסער־ליכע פאָרם, ד. ה. דיביידע ווייזען, וועלכע טראָגען אויף זיך די חתונה קייטען, פיהרען פאַר דער אַלגעמיינער וועלט אַ גוטעס און „אָרענטליכעס" לעבען. אָדער זייער דאַזיין איז אַן אונצופרידענעס און אונפאָלקאָמענעס, דען זיי טראָגען אייביג אין זיך אַ געפיהל פון אונפעהיגקייט, זיי האָפען אויף עטוואָס אונבעקאַנטעס און אונבעגרייפליכעס, וואָס זאָל זיי בעפרייען אוים דעם זומפּ פון זייער לאַנגוויליגען און אינהאַלטסלאָזען לעבען. זיי פיהלען אין זיך די אינערליכע ווידערשפּריכע און געגענזעצע פון זייער דאַזיין, זיי פערלאַנגען נאָך עטוואָס פאָלקאָמענערעס און בעסערעס, עטוואָס, וואָס די פערנונפטס־

הייראַט, קען זיי קיינמאָל ניט געבען, און וואָס זיי קענען נאָר געפֿינען אין דער ליבע.

אויך דיזע מענשען־קלאַסע פֿיהרט אַ ניעדריגעס און אינטערעסענלאָזעס דאַזיין, דען עס פֿעהלט זיי דאָס אידעאַל, פּונקט ווי די „דעגענערירטע", פֿון וועלכע מיר האָבען גע־שפּראָכען בעפֿאָר. אָבער זיי זיינען נאָך אונגליקליכער ווי די לעצטערע, דען זיי האָבען דאָס בעדירפֿניס צו עטוואָס העכערעס און בעסערעס און קענען עס ניט בעפֿרידיגען. זיי זיינען ניט קיינע בלינדע, ניין, זיי קענען זעהען, אָבער זיי לעבען אין דער דונקעלהייט און קענען זיך ניט דערפֿרייען פֿון די הערליכע זונענשטראַהלען.

דאָס איז די לאַגע פֿון די מענשען, וועלכע בעזיצען די פֿעהיגקייט צו ליבען, אָבער ניט דעם מוטה צו זוכען זייערע אידעאַלען. זיי האָבען זיך פֿערשקלאַפּט צוליב מאַטעריעלע אינטערעסען און פֿיהרען אַ טרויעריגעס, שמערצליכעס לעבען.

אַזוי לאַנג ווי דיזע אינדיווידוען טרעפֿען זיך ניט צוזאַמען מיט אַ וועזען וואָס זאָל מאַבען אַן איינדרוק אויף זייערע לי־בעס געפֿיהלען, זאָלאַנג וועט זייער הייראַט זיין אַ רוהיגע און אונצורשטערבאַרע, וויינינסטענס פֿאַר די אויגען פֿון דער וועלט.

ווען עס זאָלל אָבער פּאַסירען, אַז אַזעלכע אינדיווידוען זאָלען זיך בעגעגנען מיט אַ וועזען, וועלכעס ערוועקט אין זיי די לוסט, דאָס בעדירפֿניס צו ליבען, דאַן איז די קאַטאַס־טראָפֿע אונפֿערמיידליך. דער קאַמפּף צווישען ליבע און פּפליכט, די זעהנזוכט זיך צו פֿעראייניגען מיט אַ ליבעס־פֿערוואַנטען וועזען ווערט אַזוי שטאַרק, דער ווידערשפּרוך צווישען ליבע און חתונה אַזוי געוואַלטיג און די צורשטערונג פֿון דער איי־נער אָדער דער אַנדערער זאַך, מוז זיין דאָס נויטווענדיגע רע־זולטאַט פֿון דיזען קאַמפּף. ענטוועדער וועט די ליבע פֿערניכ־

טעט אָדער די פוסטע פאָרם פון דער הייראַט ווערט צו־
שמעטערט.

אָבער עס גיט אויך נאָך אַ דריטען אויסוועג, און ווייל ער איז דער נידריגסטער און פייגסטער, דאַרום געפינט ער די מעהרסטע אַנוועגדונג. אין דיזען פאַל בלייבט די פאָרם פון דער חתונה אונבעשעדיגט פאַר די אויגען פון דער וועלט, אָבער די ליבע זוכט און געפינט איהרע געהיימע אויסוועגען.

מיט אַנדערע ווערטער הייסט דאָס, ענטוועדער צוברעכט דער ליבענדער מענש די קייטען פון דער חתונה מיט גע־וואַלט, אָדער ער אונטערדריקט זיינן ליבע און אָפּפערט דאַדורך דאס גליק פון זיין גאַנצען לעבען. געמיינע און פיינע נאַטורען ווענדען אָן דאָס דריטע מיטעל: זיי בעטריגען זייער הייראַטס־גענאָסען אָדער גענאָסין און בעדעקען זייערע האַנד־לונגען מיט דער מאַסקע פון׳ם ליגען און היפּאָקריטיזמוס.

עדעלע און שטאַרקע כאַראַקטערע אָבער, זיינען צו־שטאָלץ אָנצוואווענדען דאָס פיינע מיטעל פון דעם ליגען; זיי רעוואָלטירען געגען די פאָראורטהיילע דער וועלט און מוזען דאַרום דורכקעמפפען און דורכליידען דעם ביטערען קאַמפף אין דער טראַגעדיע צווישען ליידענשאַפט און פפליכט.

ווען אונזער געזעלשאַפט וואָלט געווען אָרגאַניזירט אויף אַ סאָלידאַרישער גרונדלאַגע, ווען זי וואָלט געהאַט אַ פער־שטענדניס פאַר די נאַטירליכע געזעצע פון די מינים, דאַן וואָלט זי זיך געשטעלט אויף די זייט פון דער ליבע און דיי־זען שווערען קאַמפף; זי וואָלט ערמוטהיגט דיביידע לי־בענדע מענשען און זיי צוגערופען: „איהר ליבט זיך, דאַרום פעראייניגט זיך!"

אָבער אונזער אָפיציעלע געזעלשאַפט איז באַזירט אויף דעם נידריגסטען עגאָאיזמוס, זי איז די פיינדין פון דער מענש־ליכער ראַסע, דאַרום שטעהט זי אויף די זייט פון דער חתונה,

אויף דער זייט פֿון דער פּפּליכט און זי בעפֿעהלט דיביידע ליבענדע מענשען, אַז זיי זאָלען זיך ענטזאַגען.

אָבער טראָטץ איהרער אוננאַטירליכקייט האָט די היינ־טיגע געזעלשאַפֿט דאָך בעגריפֿען, אַז עס איז א זאַך דער אונמעגליכקייט זיך פֿאָלשטענדיג צו ענטזאַגען פֿון דער ליבע, זי האָט בעגריפֿען אַז דאָס געבאָט דער ענטזאַגונג איז פּונקט אַזוי גרויזאַם, ווי דער בעפֿעהל צו בעגעהען זעלבסט־מאָרד. און בעגרייפֿענדיג די מאַכט פֿון דער ליבע רופֿט זי צו דעם מענשען: „ענטזאַג זיך!" אָבער זי גיט איהם גלייכצייטיג אַ וינק מיט די אויגען, וועלכער בעדייטעט אַזוי פֿיעל ווי: „לאָז־ויניגסטענס קיינער ניט מערקען".

אויף אַזאַ אַן אַרט קומט די ליבע דאָך שליסליך צו איהר רעכט, אָבער נאָר ביי די מענשען, וואָס זיינען גענוג פֿייגע איינצוגעהען אויף דעם היפּאָקריטיזמוס פֿון דער גע־זעלשאַפֿט. אַזוי ווערט די ליבע, וועלכע זאָל דעם מענשען פֿערעדלערען און פערבעסערען, די אורזאַכע דער ערנידריגונג און קאָררופּציאָן פֿון די כאַראַקטערע, וועלכע צווינגט דעם שוואַכען מענשען אַנצואווענדען דעם ליגען, די פֿאַלשקייט און דעם היפּאָקריטיזמוס.

פֿאַר דער מענשליכער ראַסע זיינען די ווירקונגען פֿון דיזען קאַמפּף צווישען ליבע און חתונה זעהר שלעכט. פֿילע שטאַרקע און עהרליכע כאַראַקטערע, וועלכע וואָלטען גע־בראַכט א נוצען צו דער ראַסע דורך זייער פֿאָרטפּלאַנצונג האַלטען זיך פֿאַר צו גוט, צו געהען דעם וועג פֿון דעם לי־גען, דעם איינציגען, וועלכע די געזעלשאַפֿט ערלויבט זיי, זיי פֿעראַכטען עס צו שליסען היימליכע פֿערהעלטניסע און צו ברעכען זייער וואָרט, און וויל זיי בעזיצען ניט דעם מוטה אָדער די מעגליכקייט צו צורייסען עפֿענטליך די קייטען פֿון דעם לעגיטימען קאָנטראַקט דער הייראַט, געהען זיי ליבער

צו גרונדע פון זייער ליבע און ווערען די טראָסטלאָזע מער־טירער פון אַן אידעאַל, וועלכען זיי קענען קיינמאָל ניט עררייכען.

די דורכשניטס־מענשען אָבער, פון וועמענס פאָרטפּלאַנ־צונג די מענשליכע ראַסע קען נאָר גאַנץ וועניג פּראָפיטירען, זיי זיינען צו פייגע צו האַנדלען עפענטליך און צו נידריג אַז זיי זאָלען זיך ענטזאַגען פון דער ליבע, דאַרום בעפרידי־גען זיי די בעדירפניסע פון זייערע הערצער אויף די קאָס־טען פון זייער בירגערליכער מאָראַל.

די מאָדערנע חתונה איז דאַרום אַן אונזיטליכעס און קאָרומפּירטעס פערהעלטניס און איהר עקזיסטענץ איז אַ גע־פאַהר פאַר די צוקונפט פון דער מענשליכער ראַסע. פריהער אָדער שפּעטער טרייבט זי דעם מענשען אין אַ קאַמפּף צווי־שען בעשוואָרענע פפליכטען און דעם אונאויסראָטבאַרען בע־דירפניס צו ליבען און זי לאָזט איהם נאָר די וואַהל צווישען געמיינהייט אָדער אונטערגאַנג. אַנשטאַט צו זיין אַ לעבענדיגע קוועלע צו פעריונגערן די ראַסע, איז זי געוואָרען דאָס בעסטע מיטעל פון אַ לאַנגזאַמען זעלבסט־מאָרד דער מענשהייט.

2

דאָס די הייראַט, וועלכע מע בעטראַכטעט אַלס די איינ־ציגע בערעכטיגטע פאָרם פון דער ליבע צווישען מאַן און פרוי, דאָס דיזע הייראַט האָט אין גאַנצען פערלאָרען איהר אינהאַלט דאָס זי איז געוואָרען דער גרעסטער און שענדליכ־סטער ליגען פון אונזער געזעלשאַפטליכען לעבען. דאָס מע האָט געוועהנליך חתונה צוליב די מאַטעריעלע אינטערעסען, דאָס די יונגע גענעראַציאָן בעטראַכטעט ליבע און הייראַט פאַר צוויי בעזאָנדערע זאַכען, דאָס די פערזאָנען, וועלכע שליסען

מיט איינאַנדער די אָפיציעלע פערבינדונג, פיהלען אין דעם גרונד פון זייערע הערצער, אַז די לעגיטימע פאָרם פון דער חתונה קען ניט בעאיינפלוסען זייערע געפיהלען און בעדירפניסע, דאָס אַלעס לאָזט זיך צום גרעסטען טהייל צוריק פיהרען אויף די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציאָן פון די מאָדערנע קולטורפעלקער.

דיזע אָרגאַניזאַציאָן איז באַזירט אויף דעם ברוטאַלסטען עגאָאיזמוס, זי קענט נאָר דאָס אינדיווידואום, אָבער קיינמאָל די ראַסע אין אַלגעמיינען און איהר צוועק איז דאָס אונמיטעלבאַרע אינטערעסע פון איינצעלנע מענשען, אויף די קאָסטען פון דער אַלגעמיינהייט. די מאָדערנעווירטשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָן האָט געשאַפען דאָס היינטיגע רויב-סיסטעם, וועלכעס אָפּפערט די צוקונפט פאַר דער געגענוואַרט און צווישען אַלע איהרע ווערכטער, פאָליציסטען און געזעץ־געבער, געפינען מיר ניט קיין איינציגען פערטיידיגער פון דער נייגעבאָרענע גענעראַציאָן.

וואָס פרעגט די מאָדערנע געזעלשאַפט דאַרנאָך, ווען די בעדינגונגען פון דער מענשליכער פאָרטפלאַנצונג זיינען די אונגינסטיגסטע און שלעכטעסטע, וואָס עס קען נאָר געבען. די היינטיגע גענעראַציאָן דענקט נאָר פון זיך אַליין, זי האָט ניט קיינע פפליכטען פאַר דער צוקונפט און אַלע איהרע געדאַנקען קאָנצענטרירען זיך אַרום דער אייגענער בעפרידיגונג. זאָל דער קומענדער דור זאָרגען פיר זיך אליין, און ווען ער איז פיזיש און גייסטיג פעראָרמט און קאָרומפּירט דורך די שולד פון די עלטערען, דאַן — אום זאָ שלימער פאַר איהם. די קינדער וועלכע זיינען בעשאַפען געוואָרען אָהנע ליבע זיינען אָרעמע, עלענדע בעשעפניסע, אָבער ווער פרעגט נאָך זיי, די עלטערען האָבען דאָך געפונען זייער מאַטעריעלען פאָרטהייל אין דער חתונה.

די קינדער דער ליבע אָבער, וועלכעזיינען געבאָרען געוואָרען אויסערהאַלב פון דער געזעצליכער און קירכליכער פאָרם

זיינען פֿערדאַמט דורך די געזעלשאַפֿטליכע מאָראַל, זיי זיינען די מערטירער פֿון דעם אַלגעמיינען פֿאָראורטהייל. אָבער וואָס שאַדעט דאָס, זייערע בעשעפֿער האָבען יאַ געפֿונען זייער פֿערגניגען.

דער מאָדערנער מענש האָט פֿערלאָרען דאָס געפֿיהל צו דער מענשהייט און די סאָלידאַריטעט. דיזער נאַטירליכער אינסטינקט פֿון אַלע העכערע טהיערע, איז פֿערשוואונדען געוואָרען, אָדער ער געפֿינט זיך נאָר, נאָך אין אַ זעהר פֿערקריפּעלטער פֿאָרם ביי די אייראָפּעאישע קולטור—פֿעלקער. דער מענש לאָזט זיך מעהר ניט שטערען אין זיינע פֿערגניגונגען דורך די ליידען פֿון זיינע מיטמענשען און זעלבסט דער געדאַנק, אַז די מענש־הייט וועט אַמאָל אויפֿהערען אין גאַנצען צו עקזיסטירען דורך אַזעלכע צושטענדע, זעלבסט דיזער געדאַנק לאָזט איהם קאַלט און טיילנאַמסלאָז און ער דענקט ניט דאַרין צו ענדערען די גרונדלאַגען פֿון דעם היינטיגען סיסטעם, אַזוי לאַנג ער געפֿינט נאָר זיין פֿערזענליכען פֿאָרטהייל.

און אַזוי איז אויך דער געשלעכטס־אינסטינקט געוואָרען אַ געגענשטאַנד פֿון דער אויסבייטונג, און ווייל ער איז דער מעכטיגסטער פֿון אַלע אינסטינקטען, וועלכע בעשטימען אונ־זער אָרגאַניזמוס, דאַרום אייגנעט ער זיך פֿאָרטרעפֿליך פֿאַר די מאַטעריעלע שפּעקולאַציאָן. דאַרום בעטראַכטען די היינ־טיגע מענער און פֿרויען דיזען הייליגען אַקט פֿון דער געש־לעכטליכער פֿערבינדונג, וועלכע שפּילט די גרעסטע און בעדייטענסטע ראָלע אין דער ענטוויקלונג און ערהאַלטונג דער מענשהייט, אַלס אַ קוועלע פֿאַר זייער פֿערזענליכען פּראָפֿיט.

און זאָלען מיר דען פֿערדאַמען דעם קולטור־מענשען, ווען ער בעטראַכטעט די חתונה פֿאַר אַ פֿערזאָרגונגס־אינסטיטוט, ווען ער פֿרעגט צו ערשט בעפֿאָר ער פֿערבינדעט זיך אָפֿיציעל: „ווער ביטעט מיר אַם מעהרסטען?"

ער זעהט אַז די מאָדערנע געזעלשאַפט מעסט דעם ווערטה פון אַן אינדיווידואום נאָר נאָך דער גרויסקייט פון זיין פערמעגען. ער זעהט ווי דער רייכער לעבט אַ גוטען טאָג און פאַר די טהירען פון די פאַלאַצען זעהט ער דאָס עלענד אין זיין שרעקליכסטען געשטאַלט. ער פיהלט די שוועריקייטען פון דעם קאַמפף אומס דאַזיין און ער ווייסט בעשטימט, אַז די געזעלשאַפט אונטערשטיצט איהם ניט אם גרינגסטען, ווען זיינע אייגענע קרעפטען זיינען צו שוואַך, צו קעמפפען פאַר ברויט און לעבען. אויס דיזען גרונד בעטראַכטעט דער מאָדערנער מענש יעדען לעבענס־אַקט, אַלזאָ אויך די חתונה פון'ם מאַטעריעלען שטאַנדפונקט און ער זוכט פון אַלע זיינע האַנדלונגען הערויסצושלאָגען דעם גרעסטען נוצען.

וואַרום זאָל ער זיך אַלזאָ בעאיינפלוסען לאָזען פון דער ליבע, ביי אַ געוועהנליכען געשעפט ווי די חתונה? אפשר וויילעס וואָלט געוועזען אַ נוצען פאַר דער מענשהייט? אָבער וואָס קימערט איהם דען די מענשהייט? וואָס טהוט דען די מענשהייט פאַר איהם? גיט זי איהם צו עסען, ווען ער איז הונגעריג? פערזאָרגט זי איהם מיט אַ בעשעפטיגונג ווען ער געפינט ניט קיין אַרבייט? ערנעהרט זי זיינע קינדער ווען זיי שרייען נאָך ברויט? און ווען ער שטאַרבט, זאָרגט דען די מענשהייט פאַר די עקזיסטענץ פון זיין פאַמיליע?

ניין! און ווייל די מענשהייט ענטזאַגט זיך פון אַלע דיזע פפליכטען געגען איהם, דאַרום האָט ער אויך קיינע פפליכטען געגען איהר און ער בעטראַכטעט די חתונה איינפאַך אַלס אַ מיטעל ווי צו פערגרעסערען זיין פערמעגען.

די קאָנזעקווענץ פון דיזע פערהעלטניסע איז די דעגענעראַציאָן דער קולטור־מענשהייט, און זייער אונמיטעלבאַרעס אָפּפער איז דאָס ווייב. דער מאַן ליידעט לאַנג ניט אַזוי שמערצליך פון די נעגענווערטיגע פערהעלטניסע, ווי די

פֿרוי. ווען דער מאַן פֿיהלט זיך ניט גענוג שטאַרק, אָדער ווען ער האָט ניט דעם נויטיגען מוטה צו נעהמען אויף זיך די פֿעראַנטוואָרטליכקייטען פֿון דעם פֿאַמיליען־לעבען, אין אַ געזעלשאַפֿט, וועלכע איז די פֿיינדין און אויסבייטערין פֿון׳ם מענשען, שטאַט איהם צו שיצען, ווען אַזאַ מאַן וויל זיך ניט פֿערבינדען אָפֿיציעל, דאַן בלייבט ער איינפֿאַך אונפֿערהייראַט, אָהנע דאָס ער ברויכט דאַרום צו ענטזאַגען זיינער געשלעכט־ליכער בעפֿרידיגונג. דער אונפֿערהייראַטער מאַן האָט פֿון דער געזעלשאַפֿט די שטילשווייגענדע ערלויבניס, צו געניסען די פֿריידען פֿון דעם געשלעכטליכען פֿערקעהר, ווי און וואו ער וועט נאָר קענען און ער קען זיך זאָגאַר בעריהמען מיט זיינע ערפֿאָלגען, אָהנע דאָס מען איהם דאַרום פֿעראַכטעט אָדער מאָראַליש פֿערפֿאָלגט. ווען דער מאַן האָט געהייראַט צוליב מאַטעריעלע פֿאָרטהיילע, און ווען ער קען ניט געפֿינען ביי זיין פֿרוי די יעניגע בעפֿרידיגונג, וועלכע ער ווינשט זיך, דאַן זוכט ער זיינע פֿריידען אַנדערשוואו, אָהנע, דאָס מען איהם בעטראַכטעט פֿאַר אַ פֿערברעכער, וועלכער מוז אויס־געשלאָסען ווערען אויס אַנשטענדיגע געזעלשאַפֿטען.

גאַנץ אַנדערש איז די לאַגע פֿון דער פֿרוי. די פֿרוי ביי די ציוויליזירטע פֿעלקער איז פֿאָלשטענדיג אָנגעוויזען אויף דער חתונה. זי קען נאָר געפֿינען אין דער הייראַט די פֿולע בעפֿרידיגונג פֿון איהרע פֿיזיאָלאָגישע בעדירפֿניסע. ווען זי וויל אויסאיבען די רעכטע פֿון אַ געשלעכטס רייפֿען אינדיווי־דואום, אָהנע צו פֿערלירען די אַכטונג פֿון דער עפֿענטליכער מיינונג, דאַן מוז זי חתונה האָבען. דאָס איז דער איינציגער וועג פֿאַר איהר, זיך צו שיצען פֿאַר מאַטעריעלען עלענד און עפֿענטליכער פֿעראַכטונג.

אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט איז די פֿרוי אָנגעוויזען פֿיזיש און מאַטעריעל אויף דעם מאַן. וואָס פֿאַר אַ שיקזאַל

האָט די געזעלשאַפט געשאַפען פאַר די אונפערהייראַטע מעד־
כען? שוין די געוועהנליכע בעצייכנונג פאַר דיזע מעדכען
כאַראַקטעריזירט זייער שטעלונג אין דער מאָדערנער געזעל־
שאַפט, דען דער נאָמען „פאַרזעסענע בתולה" איז די פער־
קערפערונג פון אַלען שפּאָט, פון אַלער פעראַכטונג. דאָס
אונפערהייראַטע מעדכען איז איינזאַמער און פערלאָזענער ווי
דער וואנדערער אין דער וויסטע. און זעלבסט ווען זי גרינדעט
זיך אַן אייגענע היים, אַזוי בלייבט זי דאָך איינזאַם און אַליין
דען די פריינדשאַפט מיט אַ מאַן, וועלכער זאָל איהר בעזוכען
וועט איהר פערביטען די עפענטליכע מיינונג און ווען זי
וויל ניט פאַרלירען איהר „גוטען נאָמען" מוז זי האַנדלען נאָך
די אַלגעמיינע געזעלשאַפטליכע מאָראַל־בעגריפען. ווייבליכע
פריינדשאַפטען זיינען זעהר זעלטען און ביז צו אַ געוויסען
גראַד זיינען זיי זאָגאַר אוננאַטירליך.

אַ פאָרטגעשריטענער מענש האָט נאַטירליך זאָפאָרט אַן
אַנטוואָרט. ער זאָגט איינפאַך „וואָס האָט זי צו פרעגען נאָך
דער עפענטליכער מאָראַל? זאָל זי לעבען און געניסען, דען
עס איז לעכערליך צו אָפּפערען זיין פערגעניגען צוליב דער
געזעלשאַפטליכער מאָראַל".

דיזע אַנטוואָרט איז געוויס ניט שלעכט, אָבער מיר
דאַרפען קיינמאָל ניט פערגעסען, אַז דער גרעסטער טהייל
פון די מענשען און בעזאָנדערס פון די פרויען, זיינען ערצויגען
און פול געשטופּט געוואָרען מיט אַזעלכע פאָראורטהיילען,
דאָס זיי וועלען ליבער ליידען זייער גאַנץ לעבען, איידער צו
פערלירען די „אַכטונג" פון דער עפענטליכער מיינונג.

דער אונפערהייראַטער מאַן האָט טויזענד מאָל בעסערע
טשאַנסען, ווי זיינע ווייבליכע שיקזאַלס־גענאָסין. ער בעזוכט
אַלע בעלער און קאָנצערטען, ער געהט אַליין אין די טהעאַ־
טערס, אין קאָפּע הייזער, קורץ, ער האָט טויזענד מיטלען

זיך צו צערשטרייען, וועהרענד דאָס דאַזיין פֿון דעם אונפֿער־הייראַטען ווייב איז געוועהנליך ניט פֿיל בעסער, ווי דאָס לעבען פֿון אַ געפֿאַנגענעם.

פֿאר דער פֿרוי גיט עס נאָר גאַנץ וועניגע מיטלען צו מאַכען אַ זעלבסשטענדיגען לעבען. דאָס געוועהנליכע מעדכען אויס דעם פֿאָלק פֿערקויפֿט איהרע אַרבייטס־קראַפֿט צו די רייכע און דאָס שקלאַפֿישע דינסט־פֿערהעלטניס פֿערקריפּעלט און קאָרומפּירט איהרע כאַראַקטער־אייגענשאַפֿטען. דאָס פֿאַבריק־מעדכען אָדער די אינדוסטריע־אַרבייטערין קען שטאַרבען פֿון הונגער אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט, דען טראָצדעם וואָס זי האָט דיזעלבע בעדירפֿניסע ווי דער מאַן, טראָצדעם קען זי נאָר די העלפֿטע אַזוי פֿיל פֿערדינען, ווי דער מענליכער ארבייטער.

און אַזוי בלייבט זי אָרעם און עלענד, א לאַסט פֿאַר זיך אַליין און אַנדערע. זי האָט דאָס בעוואוסטזיין פֿון איהר אַבסאָלוטען צוועק און נוצלאָזיגקייט, דאָס בעוואוסטזיין, אַז זי קען זיך ניט פֿערדינען דאָס טעגליכע ברויט, דאָס געפֿיהל פֿון איהר גרויזאַמער פֿערלאָזענהייט, דאָס אַלעס רויבט פֿון איהר אַוועק דעם שטאָלץ פֿון דער זעלבסט־שטענדיגקייט. און פֿון דיזען מעדכען, וואָס הונגערט און פֿרירט, פֿון דיזעס ווייב, וואָס ציטערט פֿאַר דער צוקונפֿט, פֿון איהר פֿערלאַנגען מיר נאָך אַ מאָראַלישען העלדען־מוטה. און זי איז טאַקע אַ העלדין. זי קען ניט טהון קיין טריט אָהנע צו בעגעגנען דער פראָסטיטוציאָן, וועלכע זי ערוואַרטעט יעדען אויגענבליק.

טויזענדע פֿרויען פֿיהרען אַזעלכען קאַמפּף געגען די בעדירפֿניסע פֿון זייער אייגענער נאַטור, אַ קאַמפּף פֿאַר וועלכען דער מאַן האָט אַבסאָלוט קיין פֿערשטענדניס און אונטער טויזענד מענער געפֿינען מיר אפֿשר איין איינציגען, וועלכער וואָלט זיין אין שטאַנדע דורכצופֿיהרען אַזעלכע

לעבען.

און וואָס פֿאַר אַ לאָהן געפֿינט די פֿרוי פֿאַר אַלע איהרע אַנשטרענגונגען, וואָס ביטעט איהר די געזעלשאַפֿט דערפֿאַר, וואָס זי טרעט איהרע נאַטירליכע בעדירפֿניסע און אינסטינקטען מיט די פֿיס, צוליב דעם אונגעהייערען ליגען פֿון דער עפֿענטליכער מאָראַל? גאָר ניט!

דאָס אַלטע, אונפֿערהייראַטע מעדכען, וועלכעס האָט געלעבט איהר גאַנצען לעבען, ווי אַ הייליגע, געפֿינט זאָגאַר אין זיך אַליין ניט קיין ענטשעדיגונג פֿאַר אַלע אַנשטרענגונגען און ענטבעהרונגען, וועלכע זי האָט ערטראָגען אין מאַטעריעלער און געשלעכטליכער בעציהונג, און וואָס עלטער זי ווערט דעסטאָ עפֿטער שטעלט זי זיך די פֿראַגע: ווארום האָב איך אייגענטליך געקעמפּפֿט? ווּעמען האָב איך גענוצט מיט דיזען קאַמפּף געגען מיר זעלבסט? פֿערדינט דען דיזע פֿייגע, עגאָאיסטישע געזעלשאַפֿט איבערהויפּט, אַז איך זאָל אַכטען און אַנערקענען איהרע מאָראַלישע געזעצע, אויפֿאָפּפֿערענדיג דאַדורך דאָס גליק פֿאָן מיין גאַנצען לעבען? וואָלט עס ניט געווען טויזענד מאָל בעסער פֿאַר מיר איבערהויפּט ניט געקעמפּפֿט צו האָבען?

די דורכשניטס־פֿרוי האָט בעגריפֿען גאַנץ גוט דאָס טרויעריגע שיקזאַל פֿון דעם אונפֿערהייראַטען ווייב און זי פֿיהלט, אַז די חתונה, ווי שלים זי זאָל ניט זיין איז אימער נאָך בעסער פֿאַר איהר, ווי דאָס איינזאַמע און זאָרגען־פֿולע לעבען פֿון דער פֿערזעסענער מויד. און ווער קען איהר דערפֿאַר פֿערראורטהיילען, ווען זי זוכט צו געפֿינען אַן עקזיסטענץ, אַ פֿערזאָרגונג פֿאַר׳ן אַלטער? די געזעלשאַפֿט, וועלכע לאָזט איהר ניט קיין אַנדערע אויסוואַהל איז אַליין פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר איהרע טהאַט.

אָבער די פֿאָלגען פֿון דיזע פֿערבינדונגען צווישען מאַן

און פֿרוי זיינען אונפֿערמיידליך. די פֿרוי ניט זעהענדיג אין דעם מאַן דאָס אידעאַל פֿון איהר ליבע, זאָנדערן נאָר דעם פֿערזאָרגער און ערנעהרער, פֿיהלט זיך אין קיינער ווייזע סאָלידאַריש צו איהם. זי לעבט איינפֿאַך אַזוי גוט ווי די אומשטענדע ערלויבען עס איהר, אויף די קאָסטען פֿון איהר מאַן, דען זי האָט יאָ נאָר געהייראַט אום צו מאַכען אַ לעבען.

די היינטיגע געזעלשאַפֿטליכע אָרגאַניזאַציאָן האָט געמאַכט דעם קאַמפּף אום'ס דאַזיין שווערער און ביטערער ווי עס איז קיינמאָל ניט געוועזען בעפֿאָר און דאָס איז די אורזאַכע, וואַרום דער מענש זוכט און געפֿינט אין דער חתונה אַ מיטעל צו פֿערבעסערען זיינע מאַטעריעלע פֿערהעלטניסע. דער מאַן מאַכט יאַגד אויף רייכע מעדכען און דאָס מעדכען אָהנע אַ פֿערמעגען הייראַט דעם ערשטען און בעסטען מאַן אום צו געפֿינען וועמען, ווער איהר זאָל ערנעהרען.

נאָך דער האָכצייט פֿערוואַנדעלט זיך דאָס ווייב געוועהנליך אין אַ קאָסטשפּיליגעם לוקסוס-טהיער, וועלכעס האָט ניט דעם גרינגסטען נוצען פֿאַר זיין בעזיצער. אַזוי שפּילען מאַן און פֿרוי אין דער חתונה די ראָלע פֿון צוויי פֿיינד, וועלכע זוכען זיך געגענזייטיג אויסצובייטען.

דער רב, דער גלח און דער בעזיצער פֿון דעם גרויסען מאָדע-געשעפֿט, זיי האָבען דעם איינציגען נוצען פֿון דער מאָדערנע הייראַט, דען די היינטיגע צושטענדע פֿערשאַפֿען זיי אַ גוטע קונדשאַפֿט.

3

עס גיט ניט קיין צווייפֿעל, אַז די הויפּט אורזאַכען פֿון דעם ליגען פֿון דער חתונה זיינען צו געפֿינען אין דער היינטיגער עקאָנאָמישער אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער געזעלשאַפֿט.

אָבער עס גיט אויך נאָך אַנדערע אורזאַכען. אַ גרויסע שולד אין דעם היינטיגען געגענזאַץ צווישען ליבע און חתונה, צווישען פאָרם און אינהאַלט, צווישען נאַטירליכע געפיהלען און אינסטינקטען און דעם געזעלשאַפטליכען צוואַנג טראָגט די מאָדערנע געשלעכטס־מאָראַל, וועלכע איז הויפטזעכליך אַ קאָנזעקווענץ פון דעם קריסטענטהום.

דיזע לעבערליכע מאָראַל בעטראַכטעט דעם געשלעכטס אַקט פאַר אַ שרעקליכעס פערברעכען, זי האָט אויפגעדריקט אויף דיזען אַקט דעם שטעמפעל פון דער שאַנדע און ערלויבט ניט צו רעדען איבער זאַכען, וועלכע האָבען די גרינגסטע בעציהונגען צו דער געשלעכטס־פראגע.

דיזע מאָראַל איז אַן אונגעהייערעס אטענטאַט געגען אַלע געזעצע פון דער נאַטור, און זי וואָלט ניט עקזיסטירט פאַר אַ האַלבע שטונדע, ווען דער מענש וואָלט ניט אויס־געפונען טויזענדע אויטוועגען איהר היימליך צו איבערטרעטען יעדען אויגענבליק.

די מאָדערנע געשלעכטס־מאָראַל האָט ניט די קלענסטע בעגרינדונג זי האָט ניט דעם קלענסטען אַרגומענט, וואָס זאָל איהר געבען אַ בערעכטיגונג.

וואַרום זאָל אַן אָרגאַנישע פונקציאָן, אַ נאַטירליכער אַקט, וועלכער בילדעט די וויכטיגסטע האַנדלונג אין מענש־ליכען לעבען און וועלכער בעצוועקט די ערהאַלטונג און ענטוויקלונג פון דער מענשליכער ראַסע, וואַרום, פרעג איך, וואַרום זאָל דיזער אַקט זיין וויניגער מאָראַליש, וואַרום זאָל ער זיין וויניגער אַנשטענדיג, ווי אַלע אַנדערע מענשליכע האַנדלונ־גען וועלכע בעצוועקען נאָר די ערהאַלטונג פון דעם אינדיווידואום?

וואַרום זיינען עסען און טרינקען מאָראַלישע האַנדלונגען, פון וועלכע מע קען רעדען איבעראַל, און וואַרום איז דער געשלעכטס־אַקט אַ זינד און אַ שאַנדע, וועלכע מען דאַרף

נאָר אויספֿיהרען אין געהיימען און וועלכע מען מוז אָבלייקענען אין דער עפֿענטליכקייט? וואַרום? וואַרום? וואַרום?

איז דען די געשלעכטליכע רייפֿקייט ניט דער העכסטער גראַד פֿון אונזער אינדיווידועלער ענטוויקלונג? איז זי דען ניט דער טריאומפֿף און די ערהאַבענסטע מאַניפֿעסטאַציאָן פֿון דער מענשהייט?

אַלע אָרגאַנישע וועזען, פֿלאַנצען און טהיערע, פֿיהלען דעם געשלעכטס-אַקט אַלס דעם ערהאַבענסטען אויסדרוק פֿון זייער לעבענס-קראַפֿט און מיט דעם גרעסטען שטאָלץ מאַכען זיי די גאַנצע נאַטור צום עדות פֿון זייער ליבע; די בלומען מיט זייער דופֿט און דער פראַכט פֿון זייערע פֿאַרבען, די פֿייגעל מיט זייער הערליכען געזאַנג און דער מענש אַליין זאָל זיך שעמען, פֿון זיין מעכטיגסטען און עדעלסטען געפֿיהל, ער אַליין זאָל בעטראַכטען די בעפֿרידיגונג פֿון זיינע נאַטירליכסטע בעדירפֿניסע און אינסטינקטען פֿאַר א פֿערברעכען?

ניין, דיזע לעכערליכע מאָראַל האָט ניט אימער בעהערשט די אַנשויאונגען פֿון די מענשען. דער היפּאָקריטיזמוס איז ניט אימער געוועזען דער מאָראַל-לעהרער פֿון'ם מענשען.

איך רעד יעצט ניט פֿון די ווילדע פֿעלקער, וועלכע לעבען נאָך אין אַ נאַטירליכען און פרימיטיוען צושטאַנד. ניין, איך רעד נור פֿון גרויסע קולטור-פעריאָדען, גייסטיגע און מאָראַלישע ציוויליזאַציאָנען, וועלכע זיינען געוועזען גרעסער ווי די מאָדערנע ציוויליזאַציאָן. איך רעד פֿון קולטור-פעריאָדען ווי צ. ב. די גריכישע אָדער די אינדישע, וואו דער מענש האָט בעטראַכטעט די געשלעכטליכע בעציהונגען פֿון אַ נאַטירליכען שטאַנדפּונקט, וואו ער האָט נאָך נישט געקענט דעם אונטערשיעד צווישען גוטע אָרגאַנען און שלעכטע, צווישען מאָראַל און נאַטירליכע ליידענשאַפֿטען.

אין דיזע פעריאָדען האָט דער מענש נאָך נישט געהאַט

קיין שאַנדע פֿאַר זיין נאַקעטהייט און אין דער פֿעראייניגונג פֿון צוויי געשלעכטס־פֿערשיעדענע אינדיווידוען האָט ער נאָר ערבליקט דעם גרויסען און ערהאַבענען צוועק, די ערהאַלטונג און ענטוויקלונג דער ראַסע. אויס דיזען גרונד האָבען די גריכען און אינדיער בעטראַכטעט דעם געשלעכטס־אַקט אַלס די גרעסטע און וויכטיגסטע פֿון אַלע מענשליכע האַנדלונגען און דיזע נאַטירליכע אַנשויאונג האָט זיי געשיצט פֿאַר די ברוטאַלע און געמיינע פֿאָרשטעלונגען, וועלכע דער מאָדערנער מענש פֿערבינדעט מיט דיזען אַקט. די גריכישע און אינדישע קולטור האָבען די נאַטירליכע אינסטינקט פֿון׳ם מענשען נאָך ניט אַזוי פֿערפֿעלשט ווי די מאָדערנע ציוויליזאַציאָן, זיי זיינען נאָך געווען דורכגעדרונגען פֿון בעוואונדערונג און דאַנקבאַרקייט פֿאַר דעם געשלעכטס־אַקט, וועלכער בילדעט די קוועלע פֿון לעבען אין גאַנצען וועלט־רוים.

מע האָט פֿערעהרט די געשלעכטס־אָרגאַנען אַלס סימבאָלען פֿון דער פֿרוכטבאַרקייט און האָט אויפֿגעשטעלט בילדער פֿון זיי אין די טעמפּלען און פריוואַט וואוינונגען.

זעהענדיג דיזע בילדער, הערענריג רעדען מיט דער גרעסטער נאַטירליכקייט און אָפֿענהייט פֿון געשלעכטליכע אַנגעלעגענהייטען, האָט די יוגענד אין גריעכלאַנד און אינדיען ניט געוואוסט פֿון יענער לעבערליכען אונוויסענהייט אין געשלעכטליכע זאַכען, וועלכע בילדעט די גרונדלאַגע פֿון דער מאָדערנער ערציהונג. ווייל אַלע ערשיינונגען פֿון דעם געשלעכטליכען לעבען זיינען געווען עפֿענטליך און קלאָר פֿאַר יעדען איינעם, ווייל מע האָט זיי בעטראַכטעט פֿאַר נאַטירליכע זאַכען, אַזוי ווי עסען און טרינקען, דאַרום האָט מען נאָך ניט געוואוסט פֿון יענע קראַנקהאַפֿטע געפֿיהלען און פֿאָרשטעלונגען, וועלכע מיר געפֿינען ביי דער היינטיגען מענשען, און וועלכע זיינען נאָר די לאָגישע קאָנזעקווענצען פֿון דער

מאָדערנער געשלעכטס־מאָראַל. און דאָס איז געוועזן די אור־זאַכע, וואָרום די מענשען זיינען געוועזן פיל ריינער און עדעלער אין זייערע דענקונגס־ווייזע איבער געשלעכטליכע זאַכען ווי היינט.

די אורזאַכע, וואָס דער מענש האָט פערענדערט זיינע מאָראַל־בעגריפע איז די קאָנזעקווענץ פון די קריסטליכע אַנשויאונגען, וועלכע בעהערשען דעם גייסט פון דער קולטור מענשהייט. די גרונדלאַגען פון דעם קריסטענטהום, אַזוי ווי מיר געפינען זיי אין די עלטעסטע שריפטען פון דיזער רעליגיאָן, ענטהאַלטען אין זיך אַן אונגעהיירען ווידערשפרוך, דען זיי בערוהען אויף צוויי פרינציפען, וועלכע זיך אונטערשיידען ווי וואַסער און פייער, און ווען די קריסטליכע רעליגיאָן וואָלט געהאַט אַ לאָגישען דענקער אַלס גרינדער, אַזוי וואָלט דיזער ווידערשפרוך ניט מעגליך געווען.

אויף דער איינער זייט פרעדיגט דאָס קריסטענטהום: „ליבע דיין חבר ווי זיך זעלבסט! ליבע זאָגאַר דיין פיינד!"

אויף דער אַנדערער זייט ערקלערט דאָס קריסטענטהום, אַז די ענדע פון דער וועלט איז ניט מעהר ווייט, אַז די געשלעכטליכע בעפרידיגונג איז די שווערסטע פון אַלע חטאים און אַז צניעות איז דער ווינשענס ווערטעסטער צושטאַנד פון דער מענשהייט און די יעניגע מעלה, וועלכע געפעלט גאָט אַם בעסטען.

פרעדיגענדיג די ליבע צו דעם חבר, האָט דאָס קריס־טענטהום געמאַכט דעם נאַטירליכען אינסטינקט פון דער מענשליכער סאָלידאַריטעט צו אַ רעליגיעזען געבאָט און האָט דאַדורך אונטערשטיצט די ערהאַלטונג און ענטוויקלונג פון דער מענשליכער ראַסע.

אָבער דערמיט וואָס דיזע רעליגיאָן האָט פערדאַמט צ דער זעלבער צייט די געשלעכטליכע ליבע, האָט זי צושטערט

און פֿערניכטעט איהר אייגענעם ווערק; זי האָט פֿעראורטהיילט די מענשהייט צום אונטערגאַנג און בעקעמפֿפֿט די נאַטור מיט אַ טייפֿלישער גרויזאַמקייט.

דער פּרינציפּ פֿון דער חבר־ליבע האָט געמוזט עראָבערן דעם גייסט פֿון דער מענשהייט, דען ער האָט אַפּעלירט אין דעם מעכטיגסטען אינסטינקט, דעם אינסטינקט דער ערהאַל־טונג פֿון דער ראַסע. אָבער דער פּרינציפּ פֿון צניעות פֿער־טרעט דאָס דירעקטע געגענטהייל און דאָס קריסטענטהום וואָלט ניט געפֿונען די קלענסטע אויסברייטונג, ווען עס וואָלט ניט ענטשטאַנדען אין אַ צייט, ווען די געזעלשאַפֿט איז געווען פֿאָלשטענדיג פֿערפֿוילט. דאָס געשלעכטס לעבען איז בעהערשט געוואָרען פֿון דעם נידריגסטען עגאָאיזמוס און עס איז מעהר ניט געווען ווי אַ קוועלע פֿון טהירישע פֿערגניגונגען. אין דיזער פּעריאָדע איז דאָס קריסטענטהום געבאָרען און אום צו פּראָטעסטירען געגען די פֿערדאָרבענהייט פֿון דעם שטאַר־בענדען רוימערטהום האָט עס אָנגענומען דאָס פּרינציפּ פֿון דער געשלעכטליכער ר ינהייט פֿאַר אַ גלויבענס זאַץ.

אָבער די קריסטליכע קירכע איז ניט געווען אומ־שטאַנדע דורצופֿיהרען דיעזעס פֿינסטערע און מענשען פֿיינדליכע פּרינציפּ פֿאַר אַ לאַנגע צייט, דאַרום האָט זי עס נאָר בעשטימט פֿאַר די פּפֿליכט פֿון וויינינגע אויסגעוועהלטע פּערזאָנען, ווי די פּריסטערס און מאָנאַשקעס. יאַ נאָך מעהר! דער נאַטירליכער אינסטינקט האָט זיך בעוויזען שטאַרקער, ווי דאָס רעליגיעזע פּרינציפּ און די קירכע איז געווען גע־צוואונגען צו ערקלערען די חתונה פֿאַר אַ הייליגען אַקט. זאָגאַר ביי איהרע „אויסגעוועהלטע" מענשען האָט די קירכע ניט געהאַט קיין גליק, דען גראַדע אין מיטעל־אַלטער, ווען דער קאַטהאָליציזמוס איז געשטאַנען אויף דער העכסטער שטופֿע פֿון זיין ענטוויקלונג זיינען די מאָנאַסטירען ניט רהמע

געוועזן, ווי עפּענטליכע באָרדעלען.

אין דער ווירקליכקייט איז דאָס פּרינציפּ פון דער גע־שלעכטליכער „אונשולד" נאָר בעפאָלגט געוואָרען פון מענשען, וואָס האָבען געליטען פון רעליגיעזען וואַהנזין, אַ קראַנקהייט, וועלכע איז אימער פערבינדען מיט אַ שטערונג פון דעם געשלעכטס־לעבען.

אָבער פּרינציפּיעל אַנערקענט דאָס קריסטענטהום נאָך היינט דעם גרונדזאץ פון דער געשלעכטליכער ענטהאַלטזאַמ־קייט. אין זיינע אויגען איז דער געשלעכטליכער פערקעהר אַ זינדע, ווען עס איז איהם אויך ערלויבט אין דער פּראַקסיס. דיזע משוגע'נע אידעע האָט אויסגעאיבט אים פערלויף פון די יאַהר־הונדערטע אַ מעכטיגען איינפלוס אויף די ערציהונג און ענטוויקלונג פון די מאָדערנע קולטור־פעלקער, און זי איז די אורזאַכע, ווען מע בעטראַכטעט היינט די געשלעכטס ליבע פאַר אַ שאַנדע און די אונטערדריקונג פון דעם גרונד אינסטינקט דער נאַטור פאַר אַ גוטע זאַך.

עס איז זעלבסט פערשטענדליך, אַז די קריסטליכע מאָראַל איז ניט געוועזן גענוג שטאַרק צו פערניכטען די נאַטירליכע בעדירפניסע און ליידענשאַפטען אין'ם מענשען. אָבער עטוואָס האָט זי דאָך פערטיג געבראַכט. זי האָט געמאַכט דעם מענ־שען צום ליגנער און היפּאָקריט, וועלכער פיהלט און האַנדעלט אַנדערש, ווי ער זאָגט. דאָס קריסטענטהום האָט עס ניט פערטיג געבראַכט צו פערהינדערען דעם געשלעכטליכען פערקעהר צווישען מאַן און פרוי, אָבער דער מענש בעטראַכט דיזען פערקעהר ניט מעהר אַלס אַ גוטע און ערהאַבענע זאַך, זאָנדערען אַלס אַ פערברעכען, וועלכעס מע דאַרף נאָר אויסאיבען געהיימערהייט. און דיזער מאָראַלישער צוואַנג, דיזע היפּאָק־ריטישע מאַסקע ערנידריגט אונז, זי מאַכט אונז צום ליגנער גענגען אונז זעלבסט, געגען דער געזעלשאַפט און דאָס וויסען

וועלכעס מיר ליבען.

די קריסטליכע קירכע אַנערקענט ניט די ליבע, דאַרום האָט זי אויסגעשלאָסען דאָס ליעבעס-געפֿיהל ביי אלע איהרע אינסטיטוציאָנען. די חתונה איז בעאיינפֿלוסט פֿון דער רעליגיעזער מאָראַל. נאָך דער טעאָלאָגישער אַנשויאונג האָט די ליבע צווישען מאַן און פֿרוי אַבסאָלוט ניט צו טהון מיט דער הייראַט. ווען מע האָט חתונה, זאָ איז עס ניט דערפֿאַר, ווייל מע ליבט זיך, נאָר דערפֿאַר, ווייל מע ערפֿילט א געטליכען געבאָט.

דער פריסטער, וועלכער פֿעראייניגט חתן און כלה פֿרעגט די פֿרוי אויב זי וויל געהאָרכען איהר מאַן; אָבער ער פֿרעגט קיינמאָל ניט אויב זי ליבט איהם. פֿאַר איהם האָט דער בונד צווישען מאַן און פֿרוי, זיין בעגרינדונג אין דעם פֿערשפרעכען, וועלכעס זיי האָבען געגעבען ביי דער חתונה, אָבער ניט אין דעם נאַטירליכען אינסטינקט דער צונייגונג, וועלכע פֿיהרט צוזאמען צוויי ליבענדע וועזען.

דאָס גאַנצע אָפֿיציעלע פֿערהעלטנים פֿון דער געזעלשאַפֿט צום געשלעכטליכען לעבען איז בעשטימט געוואָרען דירך די רעליגיעזע אַנשויאונג. די געזעלשאפט פֿערדאַמט די זינדהאַפֿטע נייגונגען פֿון׳ם פֿלייש, ד. ה. זי פֿערדאַמט די איינציגע בערעכטיגטע און נאַטירליכע ליבע.

די חתונה איז הייליג; מע דארף ניט איבערטרעטען דאָס „געטליכע" געבאָט פֿון דער טרייקייט, אויך ניט דאַן, ווען מאַן און פֿרוי געפֿינען ניט די גרינגסטע בעפֿרידיגונג אין זייער צוזאַמען-לעבען.

עס איז מעגליך, אַז די פֿרוי, וועלכע האָט געהייראַט אָהנע ליבע, זאָל שפעטער קענען לערנען אַ מאַן, וועלכער ערוועקט איהרע ליידענשאַפֿטען. אָבער די מאָדערנע געזעלשאַפֿט אנערקענט ניט דיזע מעגליכקייט.

וואָס, דאָס ווייב זאָל דאַרפֿען ליבען? ניין דאָס קען ניט זיין. אַזאָ זאַך ווי ליבע, דאַרפען מיר ניט אַנאַרקענען. די פרוי האָט געהייראַט! דאָס איז אַלעס. גרעסערע אַנשפריכע דאַרף זי ניט פֿאָרדערען. זי האָט אַ מאַן, און זי איז פֿערבונדען מיט דיזען מאַן דורך די חתונה. זי האָט די פּפֿליכט צו לעבען מיט דיזען מאַן און קיין זאַך דאַרף זי ניט מעהר אינטערעסירען אין דער וועלט.

און ווען זי ערפֿיהלט ניט דיזע פּפֿליכט, דאַן מוז זי טראָגען די שאַנדע און די פֿעראַכטונג פֿון דער גאַנ־צער געזעלשאַפֿט. אין פֿילע ציוויליזירטע לענדער האָט דער מאַן זאָגאַר דאָס רעכט צו טויטען זיין פֿרוי, ווען זי ברעכט די פּפֿליכט פֿון דער טרייקייט. אַ מעדכען האָט געמאַכט אַ ליבע מיט אַ יונגענמאַן, און זי האָט געטאָן דאָס, וואָס די נאַטור האָט געפֿאָרדערט פֿון איהר וואַרום זאָל זי וואַרטען אויף די לעבערליבע צערמאָניען פֿון דעם פּריסטער אָדער אויף די שרייבערייען פֿון דעם בעאַמטען? וועה צו דער פֿערברעכערין! זי ווערט אויסגעשטאָסען אויס די רייהען פֿון אַלע אַנשטענדיגע און מאָראַלישע מענשען און זאָגאַר דאָס קינד, וואָס זי האָט געבאָרען איז בעלאַדען מיט דער שאַנדע פֿון דער מוטער און קען זיך קיינמאָל ניט רייניגען.

די געזעלשאַפֿט פֿערכיטעט אויך דאָס רעכט צו גנב׳ענען אָבער דאָך קען עס מאַנכעס מאָל פּאַסירען, אַז דער ריכטער פֿיהלט רחמנות מיט דעם גנב, וועלכער האָט צוגענומען אַ ברויט, ווייל דער הונגער האָט איהם דאַצו געטריבען; און דאָס געפֿיהל פֿון רחמנות קען מאַנכעס מאָל פֿעראורזאַכען, אַז דער ריכטער זאָל פֿריי שפרעכען אַ מענשען, וועלכער איז אויס הונגער געוואָרען אַ פֿערברעכער. ד. ה. די געזעלשאַפֿט אַנער־קענט, אַז דער הונגער קען מאַנכעס מאָל זיין שטאַרקער, ווי

די אַכטונג פֿאַר איהרע געזעצע.

אָבער פֿאַ־ דער פֿרוי, וועלכע האָט געליבט טראָץ דער הייראַט, פֿאַר דאָס מעדכען, וועלכעס האָט געליבט אָהנע די חתונה, פֿאַר זיי קען די געזעלשאַפֿט ניט קיין ענטשולדיגונג. זי בעגרייפֿט ניט, אַז אייך די ליבע — אַזוי גוט ווי דער הונ־גער — קען זיין גענוג שטאַרק, צו צורייסען די קייטען פֿון דעם געשריבענען געזעץ.

מוז מען ניט גלויבען, אַז דיזע געזעצע, דיזע מאָראַל־אַנ־שויאונגען זיינען ערפֿונדען געוואָרען פֿון אַלטע, אָבגעלעבטע מענער אָדער פֿון בעדירפֿניסלאָזע איינוכען (סריסים) ? *) ווי איז עס מעגליך געווען, אַז אַזעלכע אַנשויאונגען זאָלען בעהערשען די געזעלשאַפֿט זייט יאַהר הונדערטע, טראָצדעם די זקנים און איינוכען בילדען נאָר אַ קליינע מינאָריטעט צו דער אונגעהייערער מאַסע פֿון יונגע און לעבענסקרעפֿטיגע מענער און פֿרויען ?

אָבער דיזע אַנשויאונגען בעהערשען גאָר ניט די געזעל־שאַפֿט אין דער ווירקליכקייט. עס איז נאָר די פֿאַלשע מאַס־קע, וועלכע מיר זעהען און נאָך דיזער מאַסקע בעאורטהיילען מיר דאָס גאַנצע געזעלשאַפֿטליכע לעבען.

עס איז וואַהר, די געזעלשאַפֿט אַנערקענט די אונמענשליכע געזעצע, זי אַנערקענט די הערצלאָזע מאָראַל, אָבער זי אַנער־קענט איהר נאָר פֿאַר דער עפֿענטליכקייט, דען אין געהיימען האַנדעלט יעדער איינער געגען די מאָרדערנע מאָראַל־אַנשוי־

*) איינוכען זיינען געשלעכטלאָזע מענער. אין דער טערקיי, פערסיען און אַנדערע אָריענטאַלישע לענדער געברויכט מען זיי אַלס וועכטער אין די האַרעמס פֿון פֿאָרנעהמע מאָהעמאָדאַנער. דורך אַן אָפעראַציאָן אין די געשלעכטס טהיילע רויבט מען פֿון זיי אַוועק דאָס בעדירפֿניס און די פֿעהיגקייט צו קענען געברויכען אַ פֿרוי.

דער איבעזעצער.

אונגען, ווען די געזעלשאַפט אַנערקענט ניט די בערעכטיגונג פון דער ליבע, דאַן בעגעהט זי אַ היפּאָקריטישע האַנדלונג.

אויף דער איינער זייט בוקט זי זיך פאַר דעם ריכטער, וועלכער פערארורטהיילט די אשת־איש׳ניצע, זי האָט די גרעס־טע אַכטונג פאַר דער פאָרנעהמער דאַמע, וועלכע יאָגט אַוועק איהר דינסט מעדכען, ווען זי בעמערקט ביי איהר די פאָלגען פון דער ליבע; אָבער אויף דער אַנדערער זייט קלאַפּט זי בייפאַל צו דעם דיכטער, וועלכער זינגט פון דער ליבע, ניט רעדענדיג פון דער חתונה קיין וואָרט. יעדער איינער זאָגט, אַז צו געהאָרכען די נאַטירליכע געפיהלען איז אונמאָראַליש, אָבער אין געהיימען בעפרידיגט ער זעלבסט דיזע געפיהלען אָהנע זיך דארום צו בעטראַכטען פאַר אַ שלעכטען מענש. די טהעאָריע פון דער רעליגיעזער מאָראַל עקזיסטירט נאָר דאַרום, ווייל קיינער פאָלגט איהר ניט אין דער פראַקסיס.

די גאַנצע קולטור־מענשהייט קען מען פערגלייכען מיט אַ גרויסער קאָנספּיראַטאָרישער געזעלשאַפט. אין דער גאַס בוקען זיך אַלע פאַר די טהעאָלאָגישע געבאָט, אָבער אין דער היים לאַכען זיך אַלע אויס דאַפון.

אום צו קענען ריכטיג בעאורטהיילען די חתונה, מוזען מיר זיך בעפרייען פון אַלע פאָראורטהיילען, מיט וועלכע מיר זיינען ערצויגען געוואָרען. מיר מוזען אַוועק מאַכען מיט די אַלטע געוואָהנהייטען און זיך פאָלשטענדיג עמאַנציפּירען פון דער טהעאָלאָגישער מאָראַל.

מיר מוזען בעטראַכטען דעם מענשען אַלס אַ נאַטירליכעס בעשעפניס, מיר מוזען איהם בעטראַכטען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער גאַנצער נאַטור. ווען מיר ווילען פריווען די בערעכ־טיגונג פון אירגענט אַן אינסטיטוציאָן, דאַן מוזען מיר צו ערשט פרעגען, אויב איהר עקזיסטענץ בעפרידיגט די אינטערעסען און גרונד־אינסטינקטען פון דער גאַנצער ראַסע. ווען מע

בעטראַכטעט די חתונה פון דיזען שטאַנדפונקט, דאַן איז עס געווים אַ גרויסע פראַגע, אויב זי קען אויסהאַלטען די קריטיק, דען עס איז שווער צו בעווייזען, אויב זי איז דער נאַטירליכסטער צושטאַנד פון אונזער געשלעכטליכען לעבען.

מיר האָבען געזעהען, אַז די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציאָן דער געזעלשאַפט האָט געמאַכט פון דער חתונה אַ געוועהנליכעס געשעפט. מיר האָבען אויך געזעהען, אַז די טהעאָלאָגישע וועלט אַנשויאונג אַנערקענט ניט די בערעכטיגונג פון דער ליבע. יעצט קומט די לעצטע וויכטיגע פראַגע: „איז די חתונה נאָר דאַרום אַ ליגען, ווייל איהר גרונדלאַגע איז ניט די ליבע, זאָנדערען די מאַטעריעלע פערזאָרגונג? איז זי נאָר דאַרום אַ ליגען, ווייל די רעליגעזע מאָראַל אַנאַרקענט ניט אַזאַ זאַך ווי ליבע? אָדער איז די חתונה אפשר אין גאַנצען אַ ליגען; איז זי אפשר איבערהויפט ניט אַן אונאַטירליכע פאָרם פון דעם געשלעכטליכען פערהעלטניס צווישען מאַן און פרוי? איז די הייראַט ניט אויך אַ ליגען, ווען זי ווערט געשלאָסען אויס ליבע? מוז זי ניט אימער בלייבען אַ ליגען, ווען מע אַנערקענט די נאַטירליכע בערעכטיגונג פון די ליידענשאַפטען?

אונזערע גאַנצע געשלעכטליכע בעציהונגען זיינען אַזוי פיל קאָרומפירט און פערדאָרבען, דאָס מיר קענען זיך נאָר זעהר שווער מאַכען אַ פאָרשטעלונג פון דעם אַ מאָליגען נאַטור צושטאַנד און עס איז נאָר גאַנץ שווער אויסצוגעפינען, וועלכע פאָרם אין דעם געשלעכטס-לעבען איז פיזיאָלאָגיש אַם מעהרסטען בערעכטיגט. מיר קענען זאָגאַר ניט אונטערשיידען, דאָס, וואָס עס איז געפעלשט. די יאַהרהונדערט לאַנגע געוואָנהייט, לאָזט אונז בעטראַכטען פיעלע זאַכען פאַר גאַנץ נאַטירליך און זאָלען זיי אויך זיין די אוננאַטירליכסטע, וואָס עס קען נאָר געבען.

אָבער די קריטישע בעאָבאַכטונגען פון דער מענשליכער

פסיכאָלאָגיע און די נייעסטע פאָרשונגען איבער די געשלעכט־ליכע פערהעלטניסע ביי די העכערע טהיערען האָבען געשאַפען רעזולטאַטען, מיט וועלכע די אַנהענגער פון דער בעשטעהענדער „אָרדנונג" האָבען אַבסאָלוט ניט קיין אורזאַכע צו זיין צופרידען.

די הייראַט, אַזוי ווי זי האָט זיך היסטאָריש ענטוויקעלט ביי די קולטור־פעלקר בערוהט אויף דער אַלגעמיינער אַנער־קענונג דער מאַנאָגאַמיע. (צוזאַמענלעבען פון אַ בעשטימטען מאַן מיט אַ בעשטימטער פרוי). עס שיינט אָבער, אַז די מאָנאָגאַמיע איז ניט קיין נאַטירליכער צושטאַנד פון'ם מענשען דען אין דער ווירקליכקייט בעשטעהט אַ גרויסער ווידערשפרוך צווישען דעם אינדיווידועלען אינסטינקט און די געזעלשאַפט־ליכע פאָרמען פון דעם געשלעכטס־לעבען, און דיזער ווידער־שפרוך איז די אורזאַכע פון אַ בעשטענדיגען קאַמפף צווישען אונזערע געפיהלען און די געזעלשאַפטליכע מאָראַל, צווישען פאָרם און אינהאַלט, וועלכער מאַכט די חתונה צו אַן אייביגען ליגען.

די איינריכטונג פון דער הייראַט בערוהט אויף דער אינסטינקטיווער ערקענטניס, אַז די אינטערעסע פון דער ראַסע ערפאָדערט אַ געוויסע קאָנטראָלע פון דער געזעלשאַפט איבער די געשלעכטליכע בעציהונגען צווישען מאַן און פרוי. אָבער דאָס דיזע איינריכטונג האָט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ לעבענס־לענגליכען בונד צווישען אַ בעשטימטען מאַן מיט אַ בעשטימטע פרוי, דאָס האָט אַבסאָלוט ניט צו טהאָן מיט דער אינטערעסע דער ראַסע, עס איז אויך ניט קיין נויטווענדיגע לעבענס בעדינגונג פאַר דעם מין, וועלכע האָט זיינע וואָרצלען אין דעם זעלבסט־ערהאַלטונגס־אינסינקט, ניין, דיזע איינריכ־טונג איז נאָר אַ קאָנזעקווענץ פון דער ווירטשאַפטליכער אָרגאַניזאַציאָן דער געזעלשאַפט און זי וועט פערשווינדען אין

דעם אויגענבליק, ווען עס וועט פֿערשווינדען דיזע אָרגאַניזאַציאָן.

די אַנשויאונג, אַז די חתונה מוז טראָגען דעם כאַראַקטער פֿון דער מאָנאָגאַמיע, דיזע אַנשויאונג נעפּינט איהר בעגרינ־דונג אין דעם היינטיגען סיסטעם. אין אַ געזעלשאַפֿט, וועלכע אַנערקענט ניט קיין ווירטשאַפֿטליכע סאָלידאַריטעט, אין אַ געזעלשאַפֿט אין וועלכער יעדער איינער זאָרגט נאָר פֿאַר זיך אַליין, ניט קוקענדיג, ווען דער אַנדערער געהט צו גרונד, אין אַזאַ געזעלשאַפֿט מוזען די קינדער שטאַרבען פֿון הונגער ווען די עלטערען ערהאַלטען זיי ניט און גרויסציהען. די מוּ־טער קען אַליין ניט טראָגען די לאַסט פֿון דער קינדער־ערהאַלטונג, דען אין אונזער עגאָאיסטישע געזעלשאַפֿט בעצאָהלט מען די אַרבייט פֿון דער פֿרוי אַזוי שלעכט, אַז זי קען זיך אַליין ניט ערנעהרען: ווי אַזוי זאָל זי דאַן נאָך ערנעהרען איהרע קינדער, מען מוז אַלזאָ צווינגען דעם פֿאָטער מיט צו העלפֿען די קינדער צו ערנעהרען. אָבער דיזער צוואַנג איז נאָר אוספֿיהרבאַר, ווע מען שמידעט אַ קייט, וועלכע פֿערבינ־דעט דעם מאַן לעבענסלענגליך מיט דער פֿרוי, וועלכע ער מאַכט צור מוטער, און דיזע קייט איז די חתונה.

דאַמיט עס זאָל אָבער ניט ענטשטעהען קיין נעפֿאַהר, דאַמיט איין מאַן זאָל ניט פֿעראַנטוואָרטליך געמאַכט ווערען פֿאַר דעם צווייטען, האָט מען בעשטימט, אַז אַ מאַן זאָל נאָר געשלעכטליך פֿאַרקעהרען מיט איין פֿרוי און אַ פֿרוי מיט איין מאַן, דאָס איז די חתונה אויף דער גרונדלאַגע פֿון דער מאָנאָגאַמיע.

אויף אַזאַ אַן אַרט איז אַלעס אין דער בעסטער אָרדנונג.

דו ווילסט אַ פֿרוי?

זעהר גוט! אָבער דו מוזט זיך פֿערפֿפֿליכטען צו זאָרגען פֿאַר דיין גאַנצען לעבען פֿאַר איהרע קינדער.

אפשר ועסטו פֿערלירען די סימפּאַטיע צו איהר, זעהר

שלים, אָבער דו האָסט איהר יעצט און מוזט איהר בעהאַלטען.

דו געפינסט שפּעטער אויס, אַז די וואַהל איז געווען אַ פֿאַלשע. לעכערליכע אויסרעדע! וואַרום האָסטו ניט בעסער געוועהלט?

דו ליבסט שפּעטער אַן אַנדערע. וואָס פֿרעגט די געזעלשאַפֿט נאָך דיינער ליבע. דו האָסט אַ פֿרוי און קינדער און עס איז דיין פּפֿליכט צו זאָרגען פֿאַר זיי.

ווען מיר בעטראַכטען די זאַך פֿון׳ם שטאַנדפּונקט דער עגאָאיסטישער געזעלשאַפֿטס־אָרגאַניזאַציאָן, דאַן איז דיזע אַנ־שויאונג גאַנץ לאָגיש, אָבער פֿון׳ם פּסיכאָלאָגישען און פֿהיזי־אָלאָגישען שטאַנדטפּונקט אויס בעטראַכטעט רופֿט זי אַרויס די שלימסטע קאָנזעקווענצען.

די חתונה ווערט געשלאָסען פֿאַר׳ן גאַנצען לעבען. זאָלען מיר זאָגאַר אָננעמען, אַז די צוויי מענשען, וועלכע פֿאַראייניגען זיך אָפֿיציעל, פֿיהלען ווירקליך אַ גרויסע ליבע איינער צום צווייטען. אָבער יעצט קומט אַ שווערע פֿראַגע. וועט די ליבע געדויערען דעם גאַנצען לעבען? קען זי איבערהויפּט געדויערען אַזוי לאַנג?

זיינען צוויי מענשען איבערהויפּט בערעכטיגט זיך צו פֿערפּפֿליכען פֿאַר אַ לעבענס־לענגליכע טרייקייט?

בעגייהען זיי ניט אַן אונגעהייערען לייכטזין צו שווערען אויף די אונפֿערענדערליכקייט פֿון אַ מאָמענטאַנען געפֿיהל.

די פּאָעטען, וועלכע האָבען דאָס צווייפֿעלהאַפֿטע פֿאַר־דינסט די פֿראַגע פֿון דער ליבע פֿערדונקעלט צו האָבען דאָס מע קען איהר מעהר ניט ערקענען, די פּאָעטען האָבען שנעל אַן אַנטוואָרט אויף דיזע פֿראַגע. זיי זאָגען אייפֿאַך אַז די ווירק־ליכע ליבע ענדיגט זיך קיינמאָל ניט.

און ווען צוויי ליבענדע מענשען שיידען זיך שפּעטער, זוייל זייער ליבע איז קעלטער געוואָרען, דאַן זאָגען אונזערע

דיכטער איינפֿאַך: „דאָס איז ניט געווען די ריכטיגע ליבע.”

דיזע אַנטוואָרט איז געוויס ניט קיין שווערע און יעדער איינער, וואָס בעטראַכט דאָס לעבען פֿון זיין ריכטיגער זייט, קען דעם גוטען פּאָעט טויזענדע ביישפּילע געבען פֿון ליבע־פֿער־העלטניסע, וועלכע האָבען זיך אָנגעפֿאַנגען מיט דער גרעסטער ליידענשאַפֿט אָבער טראָצדעם זיינען זיך די ליבענדע אויס־אַנאַנדער געגאַנגען.

און ווען דער דיכטער וויל אונז ענטפֿערען מיט זיין געוועהנליכער פֿראַזע, אַז די ליבע פֿון די צוויי מענשען איז ניט געווען די ריכטיגע, אַזוי קען מען איהם זאָפֿאָרט ענטפֿערען מיט דער פֿראַגע, וואו עס געפֿינט זיך אייגענטליך דער אונ־טערשיעד צווישען דער „ריכטיגער” ליבע און דער אונריכטיגער. ווי אַזוי זאָל מען זייביידע אונטערשיידען, דען בייביידע געפֿינען מיר די זעלבע האַנדלונגען, די זעלבע צערטליכקייט די זעלבע אייפֿער־זוכט, די זעלבע ראָמאַנטיק.

געוויס, עס גיבט פֿעלע, וואו די ליבע ענדיגט זיך נאָר מיט דעם לעבען. אָבער אויך ביי דיזע פֿעלע האַנדעלט עס זיך נאָר אום די מאַכט דער געוואָהנהייט, און דעם מאַנגעל אין איינפֿלוס פֿון אַנדערע זייטען. טראָץ דעם קען מען ניט אָבלייקענען, אַז אַזעלכע, פֿעלע זיינען מעגליך. פֿאַר דיזע אויסנאַהמס־פֿעלע איז די מאָנאָגאַמיע אַ נאַטירליכער און בערעכטיגטער צושטאַנד, דען ביי זיי איז די אויסערע פֿאָרם די ריינע אָבשפּיגלונג פֿון דעם אינערליכען פֿערהעלטניס פֿון צוויי מענשען.

אָבער ווען מען קען אויך ניט אָבשטרייטען די מעגליכקייט פֿון אַזעלכע ליבעס־פֿערהעלטניסע, אַזוי מוזען מיר דאָך צו־געבען, אַז זיי בילדען נאָר אַקליינע, פֿאַסט אונזיכטבאַרע מינאָריטעט פֿון די אַלגעמיינע געשלעכטליכע פֿערבינדונגען און זאָגאַר אונזערע פּאָעטען געבען דאָס צו.

ווי אָבער זאָלען האַנדלען די צאָהלאָזע אינדיווידועןֿ, וועלכע פֿערבינדען זיך אין אַ בעשטימטען אויגענבליק, גלויבענדיג, אַז זייער ליבע איז אַן אייביגע, און וועלכע נאָך מאָנאַטען אָדער יאָרען] פלוצלינג איינזעהען, אַז זיי האָבען בעגאַנגען אַ גרויסען אירטהום?

זאָלען זיך דיזע אינדיווידועןֿ פֿערבינדען אַזוי שנעל ווי מעגליך?

אָבער באַלד ענדיגט זיך זייער ליבע און די לעבענסלענגליכע פֿעראייניגונג פֿון אַזעלכע פערזאָנען, איז דאַן, פונקט אַזוי אונערטרעגליך, ווי די חתונה, וועלכע עס ווערט געשלאָסען צוליב מאַטעריעלע אינטערעסען.

אָדער זאָלען זיי זיך אפשר ניט פֿעראייניגען, איידער זיי האָבען די פֿעסטע איבערצייגונג, אַז זייער ליבע וועט געדויערען ביז צום טויט?

ליידער וואָלט דיזער וועג געווען עטוואָס צו שווער, די וואַהרע נאַטור פֿון די געפֿיהלען לאָסט זיך ערשט שפּעטער בעשטימען, אָבער קיינמאָל ניט בעפֿאָר. אויף אַזאַ אַן אַרט מוזען די צוויי ליבענדע מענשען, וואַרטען ביז צור גסיסה, איידער זיי קענען זיך זאָגען מיט אַ גוטען געוויסען די ווערטער:

„אונזער ליבע איז געווען די ריכטיגע, דען זי האָט געדויערט אַזוי לאַנג ווי דאָס לעבען און יעצט קענען מיר זיך מיט דער גרעסטע בערוהיגונג — בעגראָבען לאָזען."

ווען די מענשהייט וואָלט פֿאָרדערען אַזאַ אַ זיכערע איבערצייגונג אַלס די פֿאָרבעדינגונג צו דער חתונה, דאַן וואָלטען מיר איבערהויפט ניט מעהר זעהן קיין חתן כלה אין דער וועלט.

עס איז געווען אַגרויסער גליק, וואָס שעקספּיר'ס „ראָמעאָ און יוליאַ" זיינען געשטאָרבען יונגערהייט. ווען די טראַגעדיע

וואָלט זיך ניט געענדיגט מיט דעם פֿינפֿטען אַקט, וואַהרהאַפֿ־טיג איך בין ניט זיכער, אויב די סימפּאַטיע פֿון דיביידע הערליכע, יונגע לייט, וואָלט זיך ניט האָבען אָבגעקילט. איך האָב זאָגאַר שרעקליך מורא, אַז ראָמעאָ וואָלט זיך גענומען נאָך אייניגע מאָנאַטען אַ ליובאָוניצע און יוליאַ וואָלט זיין געטרייסט מיט אַן עדעלמאַן פֿון וועראָנאַ. און עס וואָלט דאָך געווען אַן ענטזעצליכע זאַך, ווען דער עפּילאָג פֿון דער „באַלקאָן־סצענע" זאָל זיין אַ שיידונגס־פּראָצעס, אַ גט צווישען ראָמעאָ און יוליאַ.

איך געה אָבער נאָך ווייטער. אַזוי ווי איך קען ראָמעאָ און יוליאַ, וואָלט זיך זייער ליבע גאַנץ געוויס געענדיגט אויף אַזאַ אַן אַרט. זיי זיינען ביידע געווען זעהר יונג, זעהר ליידענשאַפֿטליך און זעהר אונפֿערנינפֿטיג און עס איז אַן אַל־טע ערפֿאַרונג, אַז אַ ליבע, וואָס ווערט געשלאָסען אויף אַ באַלל, און וועלכע ענטשטעהט דורך דעם ערשטען איינדרוק פֿון אַ שעהנער, קערפּערליכער ערשיינונג, קען ניט געדויערען פֿילע נעכט, אין וועלכע מען „פֿערוועקסעלט דעם געזאַנג פֿון דער נאַכטיגאַל מיט דעם מאָרגען־גרוס פֿון דער לערכע."*)

קען מען אָבער דאַרום בעהויפּטען אַז ראָמעאָ און יוליאַ האָבען זיך ניט געליבט? איך וויל זעהען דעם יעניגען וועל־כער זאָל אויפֿשטעלען אַזאַ בעהויפּטונג. און ווען די יונגע לייט וואָלטען חתונה געהאַט און זייער הייראַט וואָלט גענומען אַ שלעכטע ענדע, דאַן וואָלט דאָס נאָר געווען אַ בעוויז געגען די פֿיזישע און מאָראַלישע בערעכטיגונג פֿון דער חתונה.

---

*) די לערכע איז אַ פֿויגעל. די גאַנצע שטעלע בעציהט זיך אויף בעשטימטע סצענע פֿון שעקספּיר'ס טראַגעדיע ראָמעאָ און יוליאַ.

אין דער ווירקליכקייט געפינען מיר אונטער 10000 מענער און פרויען אפשר איין איינציגעס פּאָר, ביי וועלכען די ליבע זאָל זיך ערהאַלטען פאַר'ן גאַנצען לעבען אָהנע דאָס די בעטרעפענדע פערזאָנען זאָלען פיהלען אַ בעדירפניסע צו אַנדערע. אָבער עס איז גאַנץ זיכער, אַז די איבריגע 9999 מענשען האָבען בעשטימטע פעריאָדען אין זייער לעבען, וואו זיי האָבען געפיהלט אַ שטאַרקען בעדירפניס צו פערקעהרען מיט אַן אַנדערען אינדיווידואום, זיי האָבען געליטען, ווען זייער וואונש האָט ניט געפונען קיין בעפרידיגונג, און זיי זיינען געוועזן גליקליך ווען זייער וואונש האָט זיך ערפילט.

אָבער טראָצדעם, וואָס זייער צונייגונג איז געוועזן די ליידענשאַפטליכסטע וואָס עס קען נאָר געבען, איז זייער ליבע שפעטער קעלטער געוואָרען, ווען זיי האָבען געפונדען די בעפרידיגונג, וועלכע זיי האָבען געזוכט.

האָבען אַזעלכע מענשען אפשר קיין רעכט זיך צו פעראייניגען? גאַנץ געוויס! זייער פעראייניגונג מוז זאָגאר געפאָדערט ווערען אום אינטערעסע דער מענשליכער ראַסע. אָבער יעצט קומט די צווייטע פראַגע. קען די חתונה, דיזע לעבענס-לענגליכע קייט בעפרידיגען די בעדירפניסע פון דיזע מענשען? איז זי פערטרעגליך מיט זייער גליק?

קיין עהרליכער בעאָבאַכטער פון דעם לעבען קען דיזע פראַגע ענטפערען מיט יאָ.

דער מענש איז טהאַטזעכליך קיין מאָנאָגאַמישעס טהיער און אַלע מענשליכע איינריכטונגען וואָס גרינדען זיך אויף דער מאָנאָגאַמיע זיינען מעהר אָדער ווייניגער אוננאַטירליך, דען זיי זיינען נאָר אַ לאַסט פאַר'ן מענשען. אַלטע געוואנהייי־טען און פאָראורטהיילע בעווייזען גאָר ניט געגען דיזע ביאָ־לאָגישע טהאַטזאַכע.

לאָמיר נאָר בעאָבאַכטען די געהיימסטע און צאַרטעסטע:

געפֿיהלען אין די הערצער פֿון צוויי ליבענדע מענשען. איז עס מעגליך, אַז דאָס געליבטע וועזען זאָל אויספֿילען אין גאַנ־צען דעם פּלאַץ אין דעם הערצען פֿון דעם ליבענדען וועזען, אַזוי אַז עס בלייבט ניט מעהר קיין געפֿיהל, קיין וואונש, קיין בעדירפֿנים פֿאַר אַן אַנדערעם וועזען ?

איך לייקען דאָס גאַנץ ענטשידען. ווער עס איז אויפֿריכטיג דער מוז צו געבען, אַז מאַן און פֿרוי האָבען זאָגאַר אין דער העכסטער ליידענשאַפֿט פֿון אַ יונגער ליבע נאָך אַ דונקעלע עקע אין זייערע הערצער, וואו עס געפֿינען זיך די קיימען פֿון אַנדערע סימפּאַטיען און בעדירפֿניסע.

מע קען דיזע געהיימע געפֿיהלען אונטערדריקען, מע קען אפשר פֿאַרהינדערען, דאָס זיי זאָלען זיך ענטוויקלען. אָבער מע פֿיהלט זייער עקזיסטענץ און יעדער ווייסט, אַז זיי וועלען גרעסער און מעכטיגער ווערען, ווען מע לאָזט עס צו. ווי שלעכט עס זאָל ניט קלינגען פֿאַר אונזערע היפּאָקריטישע וועלט, אַזוי מוז איך עס דאָך אָפֿען זאָגען:

מע קען ליבען מעהרער פּערזאָנען אין דער זעלבער צייט, מיט דער זעלבער צערטליכקייט, און מען ברויכט אַב־סאָלוט ניט ריידען קיין ליגען, ווע מען פֿאַרזיכערט יעדע פֿון די פֿערשידענע פּערזאָנען אויפֿריכטיג צו ליבען.

ווי גרויס עס זאָל ניט זיין אונזער ליבע צו אַ בעשטימ־טען וועהזען, אַזוי פֿיהלען מיר דאָך אימער דעם איינפֿלוס פֿון דעם גאַנצען אַנדרען געשלעכט. דאָס ריינסטע, ליבענדע ווייב בלייבט אימער אַ טהייל פֿון דער אַלגעמיינער וויבליכ־קייט און דער עהרליכסטער, ליבענדער מאַן בלייבט אימער נאָר אַ טהייל פֿון דער אַלגעמיינער מענליכקייט. מיר פֿיהלען אימער די נאַטירליכע אַנציהונג פֿון דעם אַנדערען געשלעכט און אונטער געוויסע גינסטיגע אומשטענדען, קען זיך ענטוויי־קלען אויס דיזער אַלגעמיינען אַנציהונג, אַ צונייגונג צו אַ

בעשטימטען אינדיווידואום. אַזוי איז געוועהנליך די ערשטע ליבע ניט אַנדערש, אַן איבערטראָגונג פֿון דער אַלגעמיינער געשלעכטס־אַנציהונג אויף אַ בעשטימטע פּערקערפּערונג פֿון דעם אַנדערען געשלעכט און אין דער רעגעל איז עס דאָס ערשטע ווצזען מיט וועלכען מע ווערט נעהנטער בעקאַנט.

איך וויל דאָ אויסדריקליך ווידערהאָלען, אַז איך רעד יעצט נאָר פֿון דעם בעסערען און כאַראַקטער־פֿעסטען טהייל פֿון דער מענשהייט, דען פֿון דעם דורכשניטס מענשען לאָהנט זיך איבערהויפּט ניט צו ריידען.

די אונבעדינגטע טרייקייט ליגט ניט אין דער מענשליכער נאַטור; זי איז ניט קיין פֿיזיאָלאָגישע ערשיינונג פֿון דער ליבע, און טראָצדעם מע פֿאָדערט זי, אַזוי איז דאָס נאָר דער אויסדרוק פֿון דעם עגאָאיסטישען געפֿיהל אין מענשען, אָבער קיינמאָל ניט אַ בעגרינדעטע נויטווענדיגקייט פֿון דער מענש־ליכער ראַסע.

דער בעסטער בעוויז, אַז די טרייקייט האט ניט וואָס צו טהאָן, מיט דעם נאַטירליכען צוועק דער ליבע, דער בעס־טער בעוויז, אַז זי איז ניט מעהר, ווי אַ קינסטליכע זאַך, אַן אויסדרוק פֿון זעלבסט־זוכט און געוועהנליכער עגאָאיזמוס. איז דער אונטערשיד צווישען די פֿערפּפֿליכטונגען, וועלכע די געזעלשאַפֿט פֿאָדערט פֿון'ם מאַן, און וועלכע זי פֿאָדערט פֿון דער פֿרוי, ווען די געשלעכטליכע טרייקייט וואָלט געווען אַן אָרגאַנישע נויטווענדיגקייט פֿון'ם מענשען, דאַן האָט דער מאַן פּונקט די זעלבע מאָראַלישע פּפֿליכטען, ווי די פֿרוי, אָבער דאָס איז ניט דער פֿאַל, די פֿאָדערונג דער טרייקייט אין דער ליבע, איז נאָר אַ מאַניפֿעסטאַציאָן פֿון דעם מענשליכען עגאָ־איזמוס; ווייל דער מאַן איז געווען שטאַרקער ווי די פֿרוי, דאַרום האָט ער אויסגעבילדעט די עפֿענטליכע מיינונג צו זיין פֿאָרטהייל און צום נאַכטהייל פֿון דער פֿרוי.

דער מאַן פאָדערט פון דער פרוי אונבעדינגטע טרייקייט, אָבער ער גיט איהר ניט קיין רעכט דאָס זעלבע צו פאָדערען פון איהם. ווען די פרוי איבערטרעט דאָס געבאָט פון דער טריי־קייט, דאַן האָט זי בעגאַנגען אַ טויט־זינד און די אַלגעמיינע פעראַכטונג איז איהר שטראָף. ווען אָבער דער מאַן טהוט דאָס זעלבע, דאַן בעטראַכטעט מען עס פאַר אַ קליינען פעהלער, מען שמייכעלט זאָגאַר איבער די צאָהלרייכע ליבעס־עפּיזאָדען אין לעבען פון׳ם מאַן. און דאַביי דאַרפען מיר ניט פערגעסען, דאָס דער מאַן איז די מעהרסטע פעלע דער איניציאַטאָר׳ די אַקטיווע פערזאָן, וועלכער ברעכט די פפליכט פון דער טרייקייט מיט געשטימטע אַבזיכטען און פולען בעוואוסטזיין, וועהרענד די פרוי שפּילט געוועהנליך נאָר אַ פּאַסיווע ראָלע און דער פאַל פון יוסף און פּטיפר׳ס ווייב, געהערט צו די גרעסטע זעלטענהייטען.

אין אינדיען האָט דער עגאָאיזמוס פון׳ם מאַן עררייכט זיין העכסטען גראַד. דער אינדיער בעטראַכטעט דאָס ווייב אַלס זיין אַבסאָלוטעס אייגענטהום און די פאָדערונג פון דער ווייבליכער טרייקייט האָט דאָרטען אָנגענומען אַזאַ גרויזאַמע פאָרם, אַז מען צווינגט זאָגאַר די אלמנה נאָכצופאָלגען איהר מאַן אין דען טויט, מע צווינגט די כלה צו בעשטייגען דעם שייטערהויפען און זיך לאָזען פערברענען לעבענדיגערהייט, ווען איהר חתן איז געשטאָרבען. דער מאַן אָבער האָט ניט די גרינגסטע פערפפליכטונגען, ווען זיין פרוי איז געשטאָרבען און די עפענטליכע מיינונג האַלט עס פאַר אַ זעלבסט פער־שטענדליכע זאַך, ווען ער זאָל נעמען זאָפאָרט אַ צווייטע פרוי.

אין אייראָפּאַ האָט דער עגאָאיזמוס פון׳ם מאַן ניט ער־רייכט אַזאַ שרעקליכע פאָרם. נאָר אייניגע משוגע׳נע פּאָעטען רעדען פון אַ טרייקייט זאָגאַר נאָך דעם טויט, אָבער זאָגאַר

דיזע מענשעלאַך זיינען וויינינגסטענס אויף אַזוי פֿיל גערעכט, וואָס זיי פֿאָדערען דיזע טרייקייט פֿוןביידע געשלעכטער. מענשען מיט אַ געזונטען פערשטאַנד, גלויבען נאַטירליך ניט אין אַזעלכע נאַרישקייטען; די אייראָפּעאישע מאָראַל גיבט זאָ־גאַר צו — פּראַקטיש, ווי אויך טעאָרעטיש — אַז די ליבע קען זיך ענדיגען, זי גיבט צו אַז מענשען קענען ליבען מעה־רערע מאָל אין לעבען און אז די טרייקייט ענדיגט זיך מיט דער ליבע. מע בעטראַכט עס פֿאַר גאַנץ מאָראַליש, ווען אַ מאַן אָדער אַ פֿרוי, וועלכע האָבען זיך גע'גט פֿערהייראַטען זיך צום צווייטען מאָל אָדער ווען אַן אלמנה זאָל זיך פֿעבינ־דען מיט אַ נייען מאַן.

ווען די פֿרוי וואָלט געווען שטאַרקער פֿאַר דעם מאַן, דאַן וואָלטען אויך אונזערע בעגריפֿע איבער די טרייקייט האָ־בען אַ גאַנץ אַנדער פֿאָרם. דאַן וואָלט די פֿרוי געהאַט דאָס עפֿענטליכע פּריוועלעגיום, צו פֿערקעהרען מיט אַנדערע מע־נער און דער מאַן וואָלט געווען דאָס אָפּפער פֿון דער עפֿענט־ליכער מיינונג.

עס איז זעהר שווער צובעשטימען די נאַטירליכע דויער פֿון דער ליבע, בעזאָנדערס אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט, מיט אונזערע לעבערליכע מאָראַל־אַנשויאונגען. די וויסענשאַפֿטליכע בעאָבאַכטונגען פֿון די העכער ענטוויקעלטע טהיר־קלאַסען בע־ווייזען אונז, אַז די ליידענשאַפֿט פֿון אַ בעשטימטען מענליכען טהיער צו אַ בעשטימטען ווייבליכען געדויערט נאָר זעהר אַ קור־צע צייט און זאָגאַר ביי די וויניגע טהיר־קלאַסען, ווי עס הערשט געוויסע טרייקייט, עקזיסטירט דיזע טרייקייט נאָר אַזוי לאַנג ביז צו דער געבורט פֿון דעם ערשטען קינד. ווי שטאָלץ מיר זאָלען ניט זיין אויף אונזער אייגענשאַפֿט אַלס מענשען, אַזוי איז עס דאָך אַן אונבעשרייטבאַרע טהאַטזאַכע, דאָס אום אוים צו געפֿינען דעם אונטערשיעד צווישען נאַטירליך און אוננאַטירליך ביי'ן

מענשען, מווען מיר אונטערזוכען די צושטענדע און בעדינ־גונגען אין׳ם טהיר רייך, דען די מענשליכע ראַסע ווערט רעגירט פֿון די זעלבע לעבענס געזעצע, ווי די טהיר וועלט. דיזע פֿערגלייכונגס מעטהאָדע פֿיהרט אונז צום שלום, אַז די ליבע ענדיגט זיך דאַן, ווען זי האָט ערגרייכט איהר ציעל און ערפֿילט איהר אויפֿגאַבע, פונקט ווי דער הונגער ענדיגט זיך, ווען מיר האָבען בעפֿרידיגט דאָס בעדירפֿניסע צו עסען. ווען דאָס איז דער פֿאַל, דאַן האָט די חתונה פֿערלאָרען איהר אָרגאַנישע בערעכטיגונג און זי מוז ווערען פֿריהער אָדער שפּעטער אַ ליגען, זעלבסט דאַן, ווען זי איז געשלאָסען געוואָרען אויס ליבע.

געווים, מע קען אָנפֿיהרען פֿילע אַרגומענטען געגען דיזע אַנזיכט, וועלכע מוז אונז לאָגישער ווייזע פֿיהרען צור אָבשאַפֿונג דער הייראַט. דאָס הויפּט אַרגומענט איז פֿאָלגענדעס: עס איז מעגליך, אַז דער נאַטירליכער אינסטינקט פֿון׳ם מענשען איז פּאָליגאַמיש; (פּאָליגאַמיע איז דער געשלעכטליכער פֿער־קעהר מיט פֿערשידענע מענער און פֿערשידענע פֿרויען) עס איז מעגליך, אַז ער האָט דאָס בעדירפֿנים צו פֿערקעהרען מיט פֿערשידענע ווערען פֿון דעם אַנדערען געשלעכט. אָבער דער מענש האָט אויך נאָך אַנדערע אינסטינקטען. עס איז גראַדע זיינע אויפֿגאַבע אַלס מענש, צו בעקעמפּפֿען זיינע אינסטינקטען און בעדירפֿניסע, ווען ער ערקענט, אַז זיי זיינען שלעכט און שעדליך.

דיזעס אַרגומענט האָט לײדער קיין פֿעסטען באָדען, פֿאַר אַלעס איז עס לעכערליך צו בעצייכנען דעם פּאָליגאַמישען אינסטינקט אין מענשען אַלס שלעכט. וואָס פֿאַרע בעווייזע קענען מיר ברייננגען פֿאַר זיין שלעכט זיין? עס איז ביז יעצט נאָך ניט בעוויזען געוואָרען, דאָס די פּאָליגאַמיע זאָל זיין שעדליך פֿאַר די ענטוויקלונג דער מענשהייט. און אַזוי לאַנג

מיר האָבען ניט אַזעלכע בעווייזע, קענען מיר איהר קיינמאָל ניט בעטראַכטען פֿאַר אַ שלעכטע זאַך. אים געגענטהייל! מע האָט שוין געמאַכט די גרעסטע אַנשטרענגונגען דעם פּאָליגאַמישען אינסטינקט צו אונטערדריקען, אָבער אַלעס איז געווען אומזיסט.

די רעליגיאָן האָט די פּאָליגאַמיע פֿערפֿלוכט; דאָס געזעץ האָט איהר פֿערדאַמט; די עפֿענטליכע מיינונג ערקלערט איהר פֿאַר אונמאָראַליש, טראָצדעם עקזיסטירט זי ביז אויף'ן היינ־טיגען טאָג אין אַלע קולטור לענדער, טראָץ מאָראַל און הייראַט.

אונטער הונדערט טויזענד מענער געפֿינען מיר אפֿשר איין איינציגען, וועלכער קען זאָגען מיט אַ גוטען געוויסען, אז ער האָט נאָר פֿאַרקעהרט מיט איין ווייב אין זיין גאַנצען לעבען. ווען די פֿרוי בעפֿאָלגט שטרענגער דאָס פּרינציפּ פֿון דער געשלעכטליכער טרייקייט, ווי דער מאַן, אַזוי איז עס ניט דערפֿאַר, ווייל זי האָט ניט קיין בעדירפֿניס צו פֿערקעהרען מיט מעהרערע מענער, זאָנדערען נאָר דערפֿאַר, ווייל די אָפֿיציעלע מאָראַל בעוואַכט שאַרפֿער דאָס ווייב און בעשטראָפֿט זי האַרטער ווי דעם מאַן.

עס איז קלאָר און אונבעשטרייטבאַר, דאָס דער פּאָלי־גאַמישער אינסטינקט, וועלכער האָט זיך ערהאַלטען צום טראָץ פֿון אַלע שטראַפֿען און מאָראַל אַנשויאונגען, מוז זעהר טיעף בעגרינדעט זיין אין דער מענשליכער נאַטור, דען אונזערע גאַנצע ציוויליזאַציאָן איז ניט געווען אין שטאַנד איהם צו אונטערדריקען.

אַן אַנדערער אַרגומענט פֿאַר די בערעכטיגונג און נויט־ווענדיגקייט דער מאָנאָגאַמיע איז פֿאָלגענדער:

עס איז וואַהר, דער קווינט עסענץ פֿון דער מענשליכער ליבע איז ניט אַנדערש, ווי דאָס נאַטירליכע באַדירפֿניס גע־שלעכטליך צו פֿאַרקערען מיט אַ בעשטימטען אינדיווידואום.

אָבער מיר געפֿינען נאָך א צווייטען עלעמענט אין דער ליבע, די גייסטיגע געמיינשאַפֿט פֿון דעם געליבטען וועזען, די פֿריינדשאַפֿט. און דיזער עלעמענט איז שטאַרקער און דויערהאַפֿטער, ווי דער פֿילאָזאָפֿישער עלעמענט. עס איז גאַנץ געוויס, דאָס די געפֿיהלען, וועלכע פֿערבינדען אונז מיט אַ געליבטען וועזען, זיינען ניט מעהר די זעלבע, ווען מיר האָבען עררייכט אונזער ציעל, דעם בעזיץ פֿון דיזען וועזען. אָבער אויך אונזערע שפּעטערע געפֿיהלען זיינען נאָך גענוג שטאַרק, גענוג מעכטיג, אום דעם וואונש און די נויטווענדיגקייט פֿון אַ לעבענסלענגליכען צוזאַמענלעבען צו באַגרינדען.

לאָמיר אַלזאָ דיזען אַרגומענט עטוואָס נעהער בעטראַכטען און אונטערזוכען זיין לאָגישע בערעכטיגונג.

עס איז מעגליך, דאָס ביי צוויי גייסטיג העכער שטעהענדע וועזען, וועלכע זיינען פֿערבונדען, דורך אַן אידעאַלע פֿריינדשאַפֿט, עס איז מעגליך, דאָס ביי דיזע מענשען האָט די מאָנאָגאַמיע אַ פֿעסטערען באָדען, ווי געוועהנליך.

אָבער זאָגאַר ביי די טרייעסטע און אידעאַלסטע כאַראַקטערע, ווי מעכטיג עס זאָל ניט זיין זייער ליידענשאַפֿט, אויך ביי זיי געפֿינען מיר אַ פֿערענדערונג אין זייער ליבע, נאָך דער ערשטער צייט פֿון דער חתונה אָדער נאָך דעם געבורט פֿון'ם ערשטען קינד. אפֿשר פֿיהלען זיי ניט אַזוי שטאַרק דעם יאָך פֿון דער הייראַט, ווי אַנדערע, אָבער אויך זיי האָבען נישט קיין שוץ געגען אַ נייע ליידענשאַפֿט, אַ נייע ליבע, וועלכע זאָל אויפֿוועקען זייער בעדירפֿנים צו אַן אַ אַנדער וועזען.

נאַטירליך האָט די מאָנאָגאַמיע א מעכטיגע אונטערשטיצערין, די געוואָהנהייט.

די געוואָהנהייט איז אַ שוץ, ווען אויך אַ זעהר שוואַכער שוץ, געגען דעם פּאָליגאַמישען אינסטינקט אין מענשען. ווען

דאָס צוזאַמנלעבען פֿון צווײ מענשען, וועלכע האָבען זיך געליבט פֿאַר א קורצע צייט, און וועלכע האָבען דאדורך בעוויזען אַ האַרמאָנישען געפֿיהל צווישען זיך, ווען אַזאַ צו־זאמענלעבען געדויערט לענגער, ווי די ליבע דאַן איז עס פֿיל פֿאַך צוריקצופֿיהרען אויף די געוואָנהייט. די געוואָנהייט איז אין דיזען פֿאַל די מוטער פֿון דער טרייקייט.

אפשר פֿיהלען אַזעלכע פערזאָנען ניט מעהר קיין שפור פֿון ליבע צו איינאַנדער, ווען זיי האָבען צוזאַמען געלעבט אַ קורצע צייט; אפֿשר עקזיסטירט מעהר זאָגאַר קיין אינערליכע פֿריינדשאַפֿט צווישען זיי, אָבער די געוואָנהייט האַלט זיי צוזאַמען.

ווען די וואָרצעל פֿון א בוים ווערט פֿערשטיינערט, דאַן פֿערליערט זי נאָך און נאך אַלע איהרע פֿריהערדיגע אינער־ליכע בעשטאַנד טהיילע, וועלכע מוזען פלאַץ מאַכען פֿאַר פֿרעמדע שטאָפֿען. דיזער פֿאָרגאַנג געדויערט א לאַנגע צייט. די אויסערליכע פֿאָרם פֿון דעם וואָרצעל בלייבט די זעלבע, אָבער איהרע אמאָליגע אָרגאנישע צוזאמענזעצונג איז געווארען אן אנדערע. די אויסערליכע געשטאַלט פֿון דער וואָרצעל איז געבליבען די אַלטע אָבער דער אינהאַלט האָט זיך פֿער־ענדערט.

די זעלבע ערשיינונגס־פֿאָרם געפֿינען מיר אויך אין דעם צוזאַמען לעבען פֿון געוויסע מענשען. ביי זיי איז די ליבע פֿערשוואונדען געוואָרען, ניט מיט אַמאָל, נאָר לאַנגזאַם, נאָך און נאָך, ביז זייערע געפֿיהלען זיינען אינגאַנצען פֿערשטיינערט געוואָרען. צו לעצט בלייבט נאָר נאָך די אויסערליכע פֿאָרם פֿון'ם צוזאַמען לעבען, אָבער דער אינהאַלט איז פֿערשוואונדען געוואָרען אין גאַנצען.

און דיזע אויסערליכע, קאַלטע און לעבענסלאָזע פֿאָרם איז טראָץ איהר טויטקייט שטאַרק און ווידערשטאַנד־פֿעהיג, דען

זי איז בעגרינדעט אויף דער געוואָנהייט.

ווען עס זיינען דאָ קינדער, דאַן איבערטראָגט זיך די צערטליכקייט פֿון די עלטערען אויף די קינדער און עס ענטשטעהט אַ נייע ליבע, וועלכע פֿערבינדעט די עלטערען פֿעסט צוזאַמען, טראָצדעם, וואָס די ליבע איז שוין לאנג פֿערשוואונדען געוואָרען.

אויסערדעם ווערט דער ליבעס־אינסטינקט זעהר פֿיל אָבגעשוואַכט דורך דאָס באַנד פֿון דער חתונה און ווען דיזעס באַנד איז אויך ניט גענוג שטאַרק צו דערשטיקען יעדע אַנדערע נייגונג, אזוי זיינען זיי דאָך לייכטער צו אונטערדריקען, דען די חתונה האָט געמאַכט אוים דעם צוזאַמען לעבען אַ געוואָנהייט. צו לעצט בלייבט נאָר נאָך איבער אַ טיפֿע און זיסע ערינערונג פֿון די פֿערגאַנגענע ליבעס־צייט און דיזע ערינערונג שאַפֿט אַגעוויסע דאַנקבאַרקייט צו דעם וועזען, וועלכעס מע האָט אַמאָל געליבט. דיזע דאנקבאַרקייט איז אויך נאָך אַ געוויסע שטיצע פֿון דער מאָנאָגאַמיע.

אָבער טראָץ אַלע דיזע גרינדע, גיבט עס דאָך טויזענדע פֿעלע, וואו קיין זאַך איז אין שטאַנדע צו אונטערדריקען אַ נייע לײדענשאַפֿט, וועדער די געוואָהנהייט נאָך קינדער, ווערער דאַנקבאַרקייט נאָך ערינערונגען.

טהעאָרעטיש אַנאַרקענט די געזעלשאַפֿט אויך די בערעכטיגונג פֿון דיזע פֿעלע און אין פֿערשידענע, פֿאָרטגעשריטענע לענדער האָט זי איינגעפֿיהרט די שיידונג.

אָבער אין דער פּראַקטיק בעפֿעסטיגט מען נאָך דאָס פֿאָראורטהייל פֿון דער מאָנאָגאַמישער טהעאָריע און די יעניגע פערזאָנען, וועלכע האַנדלען נאָך זייערע נייגונגען, מוזען פֿיהלען דעם דרוק פֿון דער עפֿענטליכער מיינונג.

דיזעס פֿאָראורטהייל און די פֿורכט פֿאַר דער עפֿענטענטליכער מיינונג זיינען די אורזאַכען, וואַרום פֿילע שוואַכע

כאַראַקטערע ציהען פאָר דעם ליגען פון דער וואַרהייט. זיי ציהען פאָר זיך געגענזייטיג צו בעטריגען, אַנשטאַט עהרליך און פריי פונאַנדער צו געהען.

אַזוי לאַנג די געזעלשאַפט וועט ניט אַנערקענען די בעךרעכטיגונג פון פריי צו האַנדלען אין דיזע פעלע, זאָ לאַנג די עפענטליכע מאָראַל, וועט ניט אַכטען יענע מענשען, וועלכע זיינען ענטשלאָסען צו צוברעכען די פאָרם, ווען דער אינהאַלט איז פערלאָרען געגאַנגען, מענשען, וועלכע ווילען ניט פּראָסטיטואירען זייערע נאַטירליכע געפיהלען, אַזוי לאַנג וועט אונזער געשלעכטס־לעבען בלייבען אַ קוועלע פון קאָרופּציאָן און היפאָקריטיזמוס.

ערשט ווען די אַלגעמיינע אַנשויאונגס־ווייזע, וועט אַנערקענען די נאַטירליכע ליידענשאַפטען און בעדירפניסע ערשט דאַן, וועט אונזער געשלעכטס־לעבען ערהאַלטען זיין נאַטירליכען און בערעכטיגטען כאַראַקטער.

— ענדע —